חיים גראַדע

# פאַרוואַקסענע וועגן

## לידער און פּאָעמעס

אַרויסגעגעבן דורך דעם יידישן פאָלקס-פאַרבאַנד
אין פראַנקרייך. פּאַריז, 1947

הילע פּראָיעקטירט און אויסגעפירט פון ב ע ן.

שער־בלאַט און ציקל־צייכענונגען פון א. קאַלניק.

די לידער, וואָס גייען אַריין אין דער דאָזיקער זאַמלונג, זיינען פון פאַר 1939, געדרוקט אין צייטשריפטן, נאָר ניט פאַרעפנטלעכט אין בוך-פאָרם. די פאָעמע „געוויין פון דורות" איז יאָ אַריין אין מיינע אַ לידער-זאַמלונג, אַרויסגעגעבן אין 1945. אָבער אַזוי ווי די דערמאָנטע פאָעמע איז געשאַפן פריער, האָב איך זי אַריינגענומען אין דעם בוך, וואָס שליסט אָפּ אַ פעריאָד פון מיין פאַרמלחמהדיקן שרייבן.

צי האָט בכלל אַ זין צו פאַרעפנטלעכן איצט שאַפונגען פון פאַר דעם קריג, שילדערונגען און שטימונגען פון אַ שווערער ערב-צייט, וואָס איז אינגאַנצן באַגראָבן געוואָרן אונטער די חורבות פון אונדזער רואינירט לעבן?

איך מיין, אַז עס האָט יאָ אַ זין. שוין צוליב דעם אַליין, מען זאָל וויסן אויך וויפל אונדזער שרייבער-דור האָט פאַרויסגעזען די קאַטאַסטראָפע און אויף וויפל מיר האָבן ניט פאַרויסגעזען דעם בראָך, וואָס רוקט זיך אָן.

פאַרוואַקסענע וועגן הייסט דאָס בוך, ווייל עס איז שוין באַדעקט מיט גראָז דער וועג צו אונדזער אַלטער היים. געבליבן זיינען מיר בלויז אָט די בלעטער, ווי אַן אַ הענק-טאָוול נאָך דער אייגענער יוגנט און נאָך די חברים, וואָס האָבן אַזוי גלויביק געקעמפט . . .

זיי, די שטומע שאָטנס פון מיינע אומגעקומענע חברים, ווידמע איך די לידער מיינע.

# ייִדישע
# שטעטלעך

ייִדישע שטעטלעך ביים בוג און ביים נאַרעוו,
דערמאָנט זיך די אלטע פאַרגעסענע לידער,
דאָס טרויער-געזאַנג ביי די טייכן פון מזרח
ווען מיר איצט ביי די טייכן פון מערב
אָנהויבן ווידער.

צו פרי האָט איר, ברידער, צעבראָכן די האַרף,
געוואָלט שוין די לידער פון חורבן פאַרגעסן,
זאָג איך אייך: וויפל איר האָט ניט געליטן,
זייט איר ניט ליידן געוווינט, ווי מען דאַרף,
און ניט גענוג שבעה געזעסן.

.1938

# דער נאַרעוו

דער נאַרעוו איז אַרוים אויף אונדז פון זיינע הויכע ברעגן
אַ בייז־דערצאָרנטער אין שטורעם־טעג,
מיר זיינען אין געוויטערן, ווי שאָף אין ווינט און רעגן,
פאַרטוליעט ביי זיין ברוסט געלעגן, —
איצט מוזן מיר אַוועק.

אַ, פאַרשווענקט האָט אונדז דער נאַרעוו.

ער האָט אונדז פאָטערלעך אין זיינע וואַסערן געבאָדן,
די אויגן אונדזערע — זיין בלוי אַוועקגעשענקט.
מיט וואָס־זשע האָבן מיר אים ביז דעם אָפּגרונט אויפגעזאָדן,
אַז ער האָט אונדזער היים פון באָדן
מיט איינמאָל אָפּגעשווענקט ?

אַ, פאַרשווענקט האָט אונדז דער נאַרעוו.

ער האָט אַריינגערוישט אין אונדזער שלאָף, און נאָך אין וויגל
האָט אָפּגעהילכט אין אונדז זיין פרייד־געזאַנג,
מיר האָבן אין פרימאָרגן איבער אים אַרומגעפליגלט,
איצט בלוטיקט אין זיין בלויען שפּיגל
שווין אונדזער זון־פאַרגאַנג.

אַ, פאַרשווענקט האָט אונדז דער נאַרעוו.

ווי אונדזערע פאַרוויסטע הערצער, זיינען אויך צעשפּאָלטן
און חרוב די מצבות אויפן פעלד,
די שטיינער אין דער ערד פאַרגראָבן און אַ גרינער קאָלטן
באַדעקט זיי, ווי די טויטע וואָלטן
די אויגן זיך פאַרשטעלט.

אַ, פאַרשווענקט האָט אונדז דער נאַרעוו.

געשטאָרבענע, מיר בעטן אייך מחילה פאַר דער שענדונג,
און מיר, פאַרטריבענע, באַשווערן אייך:
נישט לאָזט פאַרטרינקען זיך, איר טויזנטיאָריקע לעגענדן,
ווי איר — מיר שטייען ביז די לענדן
אין אויפגעברויזטן טייך.

אַ, פאַרשווענק אונדז מער ניט, נאַרעוו!

פאַרוואָס ביסטו אויף אונדז אַזאַ דערצאָרנט-אויפגעברויזטער?
ס'איז אונדזער שול און דער בית עולם אַלט
אַזויפיל ווי דער ישוב דאָ... אַן עדות איז דער קלויסטער
און דער אָרומיקער, געקרויזטער,
געדיכטער סאָסנע וואַלד.

אַ, פאַרשווענק אונדז מער ניט, נאַרעוו!

ווי קענען מיר פאַרגעסן אונדזער הימל און די טרוימען —
דער מאַמעס שלאָף-ליד איבער אונדזער וויג?
מיט אונדזער לייב ווי מיט אַ דאַמבע ווילן מיר דיך צוימען,
אַז דו זאָלסט מער ניט איבערשוימען
דעם שוועל פון אונדזער גליק.

אַ, פאַרשווענק אונדז מער ניט, נאַרעוו!

.1938

# חורבין

איי־לע־לו חורבין,
ס'ליגט אין פינצטערניש צונויפגעדרייט דאָס שטעטל,
קיינער איז זי ניט מבקר חולה,
ווארפט איר דאר געביין זיך אויפן הארטן בעטל,
דעקט די שמאטעס אָפּ און ליגט אַ הוילע,
און זי פיבערט און זי טראַכט פון אירע זין :
— גאָט, ווו וואנדערן זיי, ווו ?
שלאָף, מיין מאַמינקע חורבין,
איי־לע־לו.

ווויל איז דיינע זין,
וואָס זיי האָבן צו אַ ברעג זיך שוין דערשלאָגן,
ווי צו די, וואָס מוזן דאָ פאַרבלייבן !
בלייכע שטייען זיי ווי הארבסטיקע פאַרטאָגן,
און ווי בלעטער לאָזן זיי זיך טרייבן.
שטייען זיי מיט אויסגעשפרייטע הענט : וווהין ?
אַלע טירן זיינען צו, —
שלאָף, מיין חרובע חורבין,
איי־לע־לו.

וויין נישט, טענה נישט,
די ערלים קענען נאָך אין שענק דערהערן,
גוט איז דעם, וואָס קען זיך לייגן שלאָפן.
דער וואָס קען פון אימה ניט אַנטדרימלט ווערן,
זאָל ער טרייסלען זיך די אויגן אָפן,
זאָל ער ציטערן און וואַרטן אויף באַגין,
ניט פאַרשטערן נאַכט און רו, —
וויין ניט אויפן קול, חורבין,
איי־לע־לו.

אָבער ווען עס טאָגט,
נעם צוזאַמען די יתומים דיינע, שטעטל,
און דיין ניגון פון מגילת איכה
הערן זאָל די ווערבע אויפן שייד־וועג... בעטל
ברויט פאַר דיינע עופהלעך די בלייכע,
און צום סוחר, וואָס פאָרט דורך, דו זאָג : איך בין
רייך געווען אַמאָל ווי דו, —
און צעקלאָג זיך אויפן קול, חורבין,
איי־לע־לו.

רייד צו אים אַזוי :
— איך האָב אויך געהאַנדלט מיט דעם שטויב פון וועגן,
איצט בין איך אַ יורדטע געוואָרן, —
ווער דער דורכפאָרער דעם וועג דיר אפשר פרעגן,
עפּעס שענקען דיר און ווייטער פאָרן.
וועסטו קענען זיך באַרימען: איך פאַרדין, —
ווייל אַ יחסנטע ביזטו,
שלאָף, מיין מאַמינקע חורבין,
איי־לע־לו.

.1938

# גיטעלע שרייבט א בריוו

גוטהאַרציקע מענטשן פון פאַך־שול, איר האָט דאָך געהערט,
וואָס ס׳איז אין אַ דאָרף, פון זאַבלודאָווע אַכט קילאָמעטער,
פאַרלאָפן מיט איינעם אַ שמיד אין זיין שטוב, אויף זיין ערד,
מען האָט עס באַשריבן אין אַלע גרויסשטעטישע בלעטער, —
זייט וויסן, גוטהאַרציקע לייט, אַז דער שמיד
איז מיין פעטער.

מיין פעטער האָט פרענטעס גערדרייט מיט די הענט,
געקאָוועט די פערד און די וועגענער פלעגט ער באַשמידן;
די דערפער זיי האָבן דעם פעטער געקענט,
און גריסן, ווען זיי פלעגן פאָרן פאַרביי אויף יריד.
גוט איז געווען מיט די פויערים אונדז
ווי מיט יידן.

ביז מורמלען אויף אונדז האָט גענומען דאָס דאָרף.
באַוויזן האָט זיך אַ „באַיוווקע" ביי אונדז אין דער גמינע,
ווי חיות, וואָס טוען פון וואַלד זיך אַ וואָרף,
באַפאַלן אונדז זיינען די פויערים ווילד און מיט שנאה:
— אַרויסיאָגן דאַרף מען דעם יידן פון קאַנט
און פון גאָר דער מדינה.

און איינמאָל פאַרנאַכט זיינען גלייך פון יריד
אַריין מיט פאַרשיכורטע פּנימער אונדזערע שכנים:
— זשידעס, פאַרלאָזט אונדזער דאָרף... ווייל אויב ניט,
לאָזן מיר אייך די געדערים אַרוים מיט די קישקעס איניינעם, —
זיי האָבן געשלאָגן דעם פעטער
און ניט געשווינט קיינעם.

צעבראָכן דאָס מעבל, צעהאַקט דאָס געפעס,
צעכאַפּט דאָס געצייג און די קוזניע צענומען אויף ברעטער,
די מומע זי זאָגט, אַז עס איז נאָך אַ נס,
וואָס זיי האָבן אויף טויט ניט דערהרגעט דעם פעטער,
נאָר האָבן אַ משפּט פאַר פוילן באַליידיקן —
וועט ער...

איצט וואַלגערן מיר אין דער פרעמד זיך אַרום,
די מומע זי זאָגט, — ווי אַן אַלטע צעבראָכענע דאָניצע
זיינען מיר איבעריקע אומעטום, —
דער פעטער קען אַלץ נאָך ניט קומען צו זיך פון די קלאָניצעס,
און איך בלאָנקע אום אַ פאַרשעמטע
אין אָניצעס.

דער קאַנט איז מיט טראַקטן און וועגענער פול,
נאָר איך שטיי פאַרלוירן. איך וויים ניט וווהין זיך צו קערן.
געוועזן בין איך פון די בעסטע תלמידהם אין שול,
איך וואָלט מיט גרוים פליים אויך זיך ווייטער געלערנט,
איך בין נאָך אפילו ניט אַלט קיין צוועלף יאָר —
און ווייַן שוין מיט גרויאינקע טרערן.

גוטהאַרציקע לייט, נעמט אין נײַ־שול מיך צו,
איך וועל ניט באַשווערן, אין ביאַליסטאָק האָב איך אַ קרוב,
און איך וועל דאָרט שלאָפן ביי אים ווו ניט ווו,
אַ וועבער איז ער און אַ גוטער — ער איז פאַר מיר ערוב;
איך בענק נאָך מיין היים אינם דערפעלע... נאָר —
אונדזער היים איז שוין חרוב.

אַז איך וועל דערגרייכן די קענטשאַפט אין פאַך,
איז וועל איך דאָס געלט שיקן גלייך צו דער אָרעמער מומען,
און וועל איך ביים נייען פאַרדינען אַ סך,
דאַן וועל איך זיי שרייבן, זיי זאָלן אין שטאָט צו מיר קומען,
דאָרט וועט אויך מיין פעטער, דער שמיד,
אַן ארבעט באַקומען.

דאַ האָבן מיר ניט אויף קאַרטאָפל און ברויט,
איך פריר אַן אַ מאַנטעלע, האָב אויף דעם קאָפּ ניט קיין היטעלע,
איך וויין, ווייל עס ווינטשט זיך די מומע דעם טויט.
איך בין ניט געגעסן און דאַר בין איך גלייך צו אַ ריטעלע, —
שרייבט מיר, צי האָב איך אַ האָפענונג נאָך ?
אייער
גיטעלע.

.1938

# וואַלקעניק

וואָלקעניק — מיין ישיבה, דו האָסט זיך מיט גאָרניט פאַרענדערט,
איך האָב מיינע טריט אויף דיין ערד אָפּגעזוכט אויף דאָס ניי,
ווער שאָקלט זיך איצטער אין ווינקל פון קלויז ביי מיין שטענדער?
אַנומלט, ווען איך בין ביינאַכט דעם בית מדרש פאַרביי,
האָב איך דורכן פענצטער דערזען אים, מיין שאָטן דעם הויקער,
וואָס איך האָב דאָרט איבערגעלאָזן מיט יאָרן צוריק. —
און אפשר דערוואַרט עס אַן אַנדער האַלב נאַכטיקער חוקר
דעם אָנברוך פון טאָג אין דעם שול-געסל פון וואָלקעניק ....

די קלויז און דער רב — איז דאָס האַרץ און דער דופק פון שטעטל,
און צוגעמאַכט ווי אַ רואין איז די יידישע שול-ביבליאָטעק.
דו ליגסט גאַנצע נעכט איינגעדרייט אויף דיין שטרויענעם בעטל,
און ווערסט אַזש פאַרטויבט פון דער שטילקייט אין וואַלדיקן העק.

דו הערסט ווי דיין עלנט באַזינגען דריי זילבערנע טייכן,
און קוים דו דערוואַרטסט זיך באַגינען דעם הוק פון פאַבריק,
אין וואַסער, אין וואַלד און אין שימל ווער קען זיך דיר גלייכן,
מיין גרינע, פאַרוואָקסענע, הילצערנע קלויז — וואַלקעניק.

דאָס שטעטל הויבט אויף זיך פאַרמאַטערט פון שלאָף מיט אַ גענעץ,
און בלייבט אָט אַזוי ווי אַ פערד אין אַ גוס־רעגן שטיין.
דער שליאַך זוכט די שטאָט און פאַרקריכט צו דער ליטווישער גרענעץ,
די מאָגערע פערד אָבער ווייסן דעם וועג שוין אַליין,
און ס׳גייען זיי נאָך באַלעגאָלעס געבויגענע, שטילע,
די יוגנט נאָר וויים ניט קיין אויסוועג... מען שטייט אויף דער בריק,
מען גייט מיט דעם טייך און מען קוקט, ווי דאָס שטעטל גייט טבילה, —
פרייטיק פאַרנאַכט טונקט אין וואַסער זיך פרום וואַלקעניק.

מען שטייט אויף דעם מאַרק־פלאַץ. מען זוכט וואָס צו קויפן, פאַרקויפן,
מען קייט לאַנג אַ שטרוי און מען קלאַפּט אין די אַקסלען זיך פויל,
אין האַלדז ברענט די ביטערניש, טיילט מען זיך יאָדרעס אַ הויפן,
און גלאָציק־פאַרגולמט מען בלייבט מיט אַן אָפענעם מויל.
נאָר קומט ווען אַן אורח, באַווייזט מען מיט שטאָלץ אים — אַ זאָטל,
ווו פויק און האַרמאַט איז מיט גאָלד און מיט זילבער געשטיקט,
געשענקט פאַר דער שול האָט דאָס נאַפּאָלעאָן ... עך, דו ביזט עובר בטל,
אַזוי ווי די קאָרטשעס אין וואַלד אַרום דיר, וואַלקעניק.

אַליץ זעלטענער שפּילט די קאַפּעליע, כאָטש ס׳וואַרטן שוין גרייטע
די כלות , פאַרשעמט פאַר דעם אייגענעם קערפּער ביינאַכט.
מען פוצט זיך גרויסשטעטיש, אַ מיידל צום טאַנץ רופט אַ צווייטע,
מען וויקלט דאָס פּנים אין פאָרהאַנג פון פענצטער פאַרטראַכט.
פאַרחלומטע האָרכט מען דאָס לעבן אין אַלט אָפּגעריבענע פליטן,
מען ציילט אויפן קופערט די וועש און דאָס האַרץ וויינט נאָך גליק, —
נאָר איטלעכער היט אָפּ זיין יחוס... עס זאָל זיך אויף שטויב ניט צעשיטן
דער סופריש רבנישער פּנקס פון כרך וואַלקעניק.

ביזט גרויס מיט דיין יחוס... און לעבסט פון אַ שטייג משוגעים.
פאַרטראַכט האָט דער קייסער אַמאָל צו פאַרלייגן אַ דאָרף
פון יידן אויף טרוקענעם באָדן... זיי נעצן מיט שווייסיקן טוי אים,
זיי האָרעווען אויף דער פאַבריק, אינם וואַלד און ביי טאָרף,
מען רייסט די חיונה אַרויס פונם קופּערנעם באָדן,
און איטלעכע פּלאַנץ וואָס בליט אויף — איז פון הארצן אַ שטיק,
מען שטופּט נאָך די וואָגנס מיט רוי אָפּגעשונדענע קלעצער באַלאָדן,
דערצו היט אַ שטייג משוגעים ביי זיך וואַלקעניק.

דאָס קעניגרייך פון מעלאַנכאָליע געעפנט פאַר מיר האָט זיין טויער,
די בוימער, וואָס זיינען געשטאַנען פון ביידע זייט גאַס,
מיך דורכגעלאָזט האָבן אינמיטן ווי שומרים פון אייביקן טרויער,
די קראַנקע, געפאַנגען אין כישוף-קרייז פון משוגעת,
אַרויף און אַראָפּ פאַרביי מיר זיינען שטום און פאַרמחט געגאַנגען,
בלויז איינער פאַרשרויפּט האָט אין מיר זיין ניט דאָאיקן בליק
און מיט אַ געלעכטער אַרויס... ווי אויך איך וואָלט געווען שוין געפאַנגען
אויף שטענדיק פון דיין מרה שחורה, מיין קלויז וואַלקעניק.

.1937

# דאָס בלוטיקע אויג

אַ שטעטלשער ייד מיט אַ טלית און תפילין
פאָרט דורך אַ וואַלד מיט אַ פויער ביינאַכט,
ער הערט ווי עס וואָיען די דערפער און בילן,
דער וואַלד אַרום אים האָט געהיים זיך פאַרמאַכט,
פול איז דער וואַלד מיט באַהאַלטענעם לויער,
און פינצטער באַהאַלט וואָס דער פויער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

צוריק איז דער פויער אין דאָרף אָנגעקומען,
דאָס פנים פאַרקרימט און באַשפריצט.
דער פויער האָט שוידערן פלוצלונג גענומען:
וואָס פייערט עס דאָרטן און בליצט —
דאָרט אין דער טיף פון די וועלדער יאַדלאָווע,
אַזוי ווי אַן אויג פון אַ סאָווע?

דער פויער קערט אום זיך אין וואַלד... אַ שוואַרצאַפּל
פון כיטרען פאַרשאַלטענעם ייד
אַ שפרונג געטאָן האָט אויף אַ צווייג און עס צעפּלט,
צאַפּלט און פייערט און גליט,
דאָס אויג ווערט אַלץ גרעסער, אַלץ גליאיקער־רויטער,
ווי ס׳וואָלט אָנגעקלאָגט אים: „ אַ טויטער !"

כאַפּט ער אַרויס מיט רציחה זיין מעסער,
און שטעכט דורך דאָס שוואַרצאַפּל: שווייג !
דאָס שוואַרצאַפּל בלוטיקט, שפּרינגט אָפּ — און נאָך גרעסער
וואַקסט אַנדערשוואו אויס אין געצווייג.
און ס׳פּאַכן די בוימער ווי פליגל פון ראָבן
צעפלאַטערט... „דאָ ליגט ער באַגראָבן!"

ער קען דאָס שוואַרצאַפּל פון ייד ניט צעשפּאַלטן,
צעשניטן האָט ער זיך די הענט,
כאַפּט ער דעם הרוג — אין וואָגן באַהאַלטן !
דער ייד מיט איין אויג האָט דערקענט
דעם פויער און לאַכט... און דאָס אַנדערע אייגל
דעם וואָגן פליט נאָך ווי אַ פייגל.

אַ טויט־שרעק באַפאַלט דעם רוצח, ער ציטערט,
ער שפּרינגט אַריין האַסטיק אין פור,
דער וואַלד פאַטשט זיין פּנים מיט שטעכיקע ריטער,
אַ וואָרצל צו היטן זיין שפּור
פאַרטייעט נאָך אים , ווי אַ שלאַנג, איז פאַרקראָכן,
און טיף אין זיין פוס זיך פאַרשטאָכן.

דאָס פערד, ווי אויך אים וואָלט די אימה געטראָגן,
פאַרויס רייסט זיך ווילד אין גאַלאָפּ,
דער אָנטרייבער יאָגט... און ער הערט ווי אין וואָגן,
שפּרינגט אונטער אַ האַק און אַ קאָפּ,

עס ברעכט זיך דער וואָגן דורך וואַלדיקע שטחים —
דאָס אויג אויפגעשפּיזט היפּערט נאָך אים.

דורך שטורעם און נאַכט, איבער פעלדער און גריבער,
דאָס פערד פּאַלט אריין אין יריד,
געליימט הענגט אַ פויער דעם וואָגן אריבער,
אין שטרוי ליגט אַ הרוג... אַ ייד.
און ווו אַ ייד טראָגט דעם של־ראש אויפן שטערן,
דאָס בלוט וויל פאַרגליווערט ניט ווערן.

1937.

# דער אוקריינער פּרוש

## א.

פאַרהענג ניט דאָס פענצטער, פאַרלעש ניט די ליכט,
איך ווער ווי אַ פויגל אין הארבסט אַזוי קליין,
אַ לבנה־שטראַל ווערט אַ פאַרפייניקט געזיכט,
דער מינדסטער געשאָרך — אַ פאַרוואָרגן געוויין;
פאַרהענג ניט דאָס פענצטער, פאַרלעש ניט די ליכט,
ניט לאָז מיך אַליין אין מיין חדר,
באַלד וועל איך אין טונקל דערזען אַ געזיכט —
אַ מאַן אין צעריסענע קליידער.
אַ רב, אַ משוגענער רב פון אוקריינע,
וואָס איז פונם חלף אַנטלאָפן,
דער רב פון די יאָרן די יינגלשע מיינע,
וואָס איז אויף אַ קלויז־באַנק געשלאָפן.

אומזיסט מיין באַשווערן די נאַכטיקע שרעקן, —
דער פרוש ער איז שוין געקומען.
מיט איין האַנט איז ער אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן
און האַלט אין דער צווייטער האַנט בלומען:
— ווי קומט אַ בן תורה גאָר בלומען צו האַלטן?
פאַרקנייטשט ער די באָרד, שמייכלט קרום און באַהאַלטן,
און זאָגט מיט זיין שמייכל דעם קרומען:
— אמת, דאָס פּאַסט פאַר אַ גויישן חתן,
פאַר פריצטעס מיט טריפענעם תענוג,
נאָר אין מיין שטעטל האָט בלוט זיך געגאָסן
אויף בלומען, אויף גראָז און רומיאַנעק —
מעג זיי אויך האַלטן אַ יידישער חתן,
זיי האָבן געבליט ביי מיין גאַנעק.

און ווי עס פּאַסט פאַר אַ זיידענעם רבין,
וואָס נישטערט אין דרויב פון אַ הון,
צענעמט ער אַ בלימל אויף אירע געוועבן:
— בלוט אויף די פעדים, מיין זון!
און ער צעוואָרפט אין מיין צימער די בלעטלעך:
— מיין טאָכטער איז ווי מיין בית מדרש געשענדט...
יידישע בלימלעך פון יידישע שטעטלעך,
אָט ווערן זיי טויבן ביי מיר אין די הענט.

## ב.

זע איך זיך אין קלויז — אַ ייִנגל אַ יאָר נייַן,
אַלטע לייַט, ווי פליגן פּאַראַיאַריקע, די ווענט פּאַרקלעפּן,
זשמורען זיך ביים לערנען ביי דעם חלבדיקן שייַן,
און פון געלע ספרים ווי פון ברינימער זיי שעפּן.
דער אוקראַיינער רב, ווי קיינער וואָלט אין קלויז ניט זייַן,
טראָגט זיך אַ פאַרמחטער פון צפון
אויף דער וואַנט פון דרום,
ער היפּערט איבער שטענדערס, ווי ער וואָלט געלאָפּן
איבער קברים.
פּלוצלונג בלייבט ער שטיין ביים אָנגעזעצטן טיש,
ער כאַפּט די סוגיא מיט איין אויער,
דערלאַנגט אַ ריס ביים רבין די גמרא און אַ מיש:
— פלוגיאַנער פּרוש, איר פאַרדרייט דעם פּשט קאַפּויער, —
ער וואָרט. אַ רגע קאָכט זייַן הייסער שטערן.
און איידער דער צעטומלטער פלוגיאַנער זאָגט אַ וואָרט,
טוט יענער זיך אַ וואָרף צום פענצטער: דאָ שוין שטערן, —
און אַנטלויפט, די נעגל איינגעקלעמט אין באָרד.

און ווען דער שיעור איז שוין געענדיקט, לויפט ער נאָך אַרום
פון באַנק צו באַנק און שליידערט שטענדערס.
דער עולם שטייט צו מעריב אויף און קרעכצעט פרום.
בלייבט שטיין דער אומלויפער, זייַן פּנים ווערט פאַרענדערט.
און גיט אַ שפּרונג צו דעם פלוגיאַנער: דאַוונט, דאַוונט
פאַר מיר און פאַר מיין ווייב און פאַר מיין טאָכטער,
און זייט איר אייער תפילה אויך מכוון
פאַר מיין טאָכטערס שענדער —.
שרייט ער אַ צעקאָכטער.
ער לויפט אַראָפּ פון מזרח און נעמט קנייפּן מיר אין בעקל:
— ייִנגעלע, ווי איז דייַן נאָמען ?
אַ ייִנגעלע, וואָס האָט אַ קולכל ווי אַ זילבער־גלעקל,
דאַרף ענטפערן אויף קדיש „אָמן“.

דער אויסגעדאַוונטער בית־מדרש גליווערט פּוסט, —
איך האָב פאַרקליבן זיך אויף לויער אין אַ ווינקל,
די חשכות איז פאַרקראָכן אין מיין קינדערישער ברוסט
מיט גוסדיקע עמוד־פלעמלעך דורכגעפינקלט...

איך זע, אַ רוקן שלאָגט זיך אָפּ אָן דעם פאַרענטש,
וואָס הענגט אַראָפּ ווי אַ געליימטער אָרעם פון באַלעמער —
דער רוקן רייסט זיך אָפּ... דאָרט שאָקלט זיך אַ מענטש,
ווי ס׳וואָלטן זיך אויף אַ קאַראַמיסלע געשאָקלט פּוסטע עמער.
דאָרט זיצט דער פּרוש איינגעוועבט אין יאָמער,
און חזרט ווי פון טירוף: אָמר, אָמר
ר׳ עקיבא —
וויגט ער זיך און לערנט
ביי דעם שיין פון זיינע טרערן,
און ער צופּט די באָרד די סיווע —
אָמר ר׳ עקיבא... וויל צו אייך ישראלס קינדער —
ווינד איז מיר און ווי...
וועלפיש ברענען זיינע אויגן, נאָר אַ סטאַדע רינדער
איז אין זיין געשריי.

די פינצטערניש וועבט שאָטנס און פאַרפּלאָנטערט אין איר נעץ
די עמוד־ליכט, וואָס ציטערן אין ווי פאַרגאַנגען;
די שאָטנס קריכן אויף די ווענט ווי שוואַרצע בוידעם־קעץ,
און איינער האָט זיך אויף אַ הענג־לייכטער געהאַנגען.

## ג.

ערב שבת איז אין קלויז ווי אין אַ קלייטל — וואָך,
אַ מנין פאַלט אַריין, אַ גלאָץ צום באַלקן און אַ מורמל אָפּ,
אַ סמאָטשקע די מזוזה גיך — און וואָכעדיקער נאָך,
ווי זעקלעך מעל מען קייקלט פון די שטיגן זיך אַראָפּ.
אַ מנין נאָך אַ מנין מאָלט די מנחה אָפּ געדיכט,
דער האַנט־פאַס איז שוין טרוקן און דאָס האַנטוך — זויער,
אַ יידענע אין אַ צעפליקטן שאַלכל וואַרפט אַריין צוויי ליכט,
אַ ייד אַנטלויפט און לאָזט אין טיר זיין אויער,
די בימה דרייט זיך ווי אַ קאַרוזעל אין מאַרק,
און ווי אַ ליידיק פעסל אויף אַ וואָגן טרייסלט זיך די קלויז;
דער פרוש דער פלוגיאַנער לערנט פלייסיק — און זיין קאָדק
אויף אַ נדבה קוקט אַרויס.
דער אוקריינער שפּאַנט אַרום אָן אויפגעשויבערטער, אַ מידער,
ווי ער וואָלט פון נעכטן נאָך געלאָפן,
עס ציען אים צום דיל די מידע גלידער,
אַ רגע בלייבט ער שטיין ווי איינגעשלאָפן —
און טוט צו דעם פלוגיאַנער זיך אַ ריס, צעפלאָשן
זוכט ער אין די הויזן־קעשענעס, אין ראָק,
און שלעפּט אַרויס מיט בייזער פרייד אַ גראָשן:
— נאַט אייך לאַנגער צדיק, פרומער באָק!
אַז דער פלוגיאַנער בלייבט אָן לשון.

ס'איז פרייטיק אויף דער נאַכט און „שיר השירים" זינג איך,
מיט צאַרטע פייערן פון גינגאָלד שימערן די לייכטער,
„שיר השירים" אויף דעם קול דעם גאַנצן קלינג איך,
און איבער מיר בויגט אָן אַ פנים זיך — אַ טרערן־פייכטער:
— יינגעלע, פון וואַנען האָסטו עס אַזאַ מין קולכל?
אַז איך הער באַשיימפערלעך — אַ סאַמעטענעם קוועלכל.
שרעק זיך ניט מיין קינד... דו לערנסט תורה?
איך געדענק נאָך אויך דאָס וויג־ליד פון מיין מאַמען:
„תורה איז די בעסטע סחורה" —

ווערט ער ליכטיקער און נעמט די באָרד זיך קאַמען:
דערווייל ביזטו אַ קנויט אין זיך אַריינגעדרייט,
ווערסט אויפשיינען אַ רב, אַ צדיק און אַ גאון,
ביז מען וועט דיך קוילענען... און טויטערהייט
וועלן הינט אין דיינע אינגעווייד זיך ראַיען.
וויין ניט, יינגעלע... דו לייגסט שוין תפילין ?
וואָלט מיין טעכטערל געלעבט, וואָלט זי דיר אויפגענייט אַ תפילין־זעקל,
זי האָט ליב געהאַט זיך מיט מיין באָרד צו שפּילן,
איך וואָלט דיך גענומען פאַר אַן איידעם, דו וואָלסט אויסגעקלונגען ווי
אַ גלעקל —

ער קוקט זיך אום מיט חשד און אַ פאַרקרימטן שמייכל —
דיר פאַרטרוי איך, וואָס איך טו פון אַלעמען פאַרבאָרגן,
פון דיינע אויגן קוקט אַרויס אַ קלאָרער שכל,
און אַ גרויסער צער איז אין דיין קול פאַרוואָרגן.
איך לאָז אַ שידוך ריידן זיך מיט אַן אַלמנה,
אַ רביצן פון ערגעץ ווו אַ שטעטל אין דער ליטע, —
וואָס איז, — איך קען ניט שאָקלען זיך מיט גרויס כוונה,
און לערנען קרעמער ווי מען לאָזט אויף פעלדער שמיטה ?
און ער האַקט אָפּ...
עס עפנט זיך די טיר פּאַמעלעך,
און נאָך פּאַמעלעכער שפּאַצירט אַריין אַ פּוס:
— גוט שבת, גבאי ! — שרייט אוים דער אוקריינער — שבתדיקער מלך,
דאָס טענה איך דאָך : גאָט, דו האָסט אַ זכות,
וואָס אויף דיין ערד גייט אום אַ ייד, אַזאַ בכבודיקער, גרויער,
נאָט אייך שלום, פינגער האָט איר קלעפּיקע ווי נאָכן פיש,
די מקוה שיינט אויף אייער פנים — טהור, טהור,
די וואָכעדיקע סקלאַדן אויף די שטאַבעס,
קענט איר רואיק זעצן זיך צום טיש,
אינמיטן זיצט די מלכה שבת,
און אייער הויזגעזינט אַרום ווי ווייסע טויבן.
ווערט זשע ניט אין כעס, ווי פּאַסט עס, וויי איז מיר,
שבת מיטן טייטל אויף דער בימע אויבן —
אַז איר זאָלט גאָר ביים מדרש שנאָרכן ?

וואָס מאַכן, זאָגט זשע מיר, די זין, די אייניקלעך, די שניר ?
איר — האָרכט גאָט, און אייך — די קינדער האָרכן.
איר — וועט אויך אויף יענער וועלט זיין גבאי, האָבן דאָרט אַ הויף,
כאַ־כאַ־כאַ, איך בין משוגע... לויפט ר׳ גנב, לויפט — — ——

דער אוקריינער בלייבט פאַרגליווערט אומגעריכט.
אַ מיידל עפנט שטיל די טיר... די מלכה שבת גייט !
— רבי, כ׳האָב פאַרזאַמט, מען קען נאָך צינדן ליכט ?
דער פרוש שטייט די אָרעמס אויסגעשפרייט,
דאָס מיידל בויגט זיך דין פון שרעק און חן,
און מיטאַמאָל אַ יאָמער: טאָכטער מיינע !
דאָס מיידל לויפט פון קלויז מיט אַ געוויין,
אַ טראָט — און אין חלשות פאַלט דער פרוש פון אוקריינע.

## ד.

שמחת תורה קלינגען פריילעך די באַקרוינטע ספר תורות,
שמחת תורה אָטעמען די ענגלייכטער מיט פייער,
יידן טאַנצן און עס טאַנצן מיט די קופּערנע מנורות,
יידן זיינען זיך אין ליכט און פרייד מטהר.
רונד אַרום דער בימע — קעפּ אויף קעפּ,
פאַרביי אַ פרומער וואַנט פון יידענעס פאַרהילט אין שאַלן,
דער שמש טענצלט אויף די אָרון־קודש־טרעפּ,
און האַלט זיך אָן אַ גלעזעלע... ער זאָל ניט פאַלן.
אַ ראָד צונויפגעוואַקסן, ווי די קלעפּקעס אין אַ פּאַס,
צעשפּאַלט דעם באַלקן — האָפּ, האָפּ, האָפּ!
אויף אַלמערס, בענק און פענצטער הענגט די גאַס,
און קוקט דערשטוינט אַראָפּ.
און דער אוקריינער מיט אַן אָנגעשטעלטער טאַץ,
פאַרוים פון די הקפות־גייער און דעם „ש״ץ״,
טאַנצט און זינגט מיט יום־טובדיקן טראָפּ.

טריט אויף טריט און טריטעלעך,
קאָפּ אויף קאָפּ און קעפּעלעך,
פיאות אונטער היטעלעך,
בעקעלעך ווי עפּעלעך.
יידן, פאַר די הענטעלעך,
שטאַרקער מיט די פיסעלעך,
ספר־תורה מענטעלעך,
נעמט זשע נאָך צו ביסעלעך;
נעמט זשע נאָך צו גלעזעלעך,
יעקבס פרומע שעפּסעלעך,
שרעקעוודיקע העזעלעך,
נאָכאַמאָל צו שנעפּסעלעך.

דער פּרוש קוקט, אַ פוסטער בלאָזט דער ארון־קודש אויפגעפּראַלט,
אין טיפער טונקלקייט אַ ליכטל ברענט,
אַ פרוי שטרעקט אויס די פינגער צו אַ תורה — און באַהאַלט
אויף גיך אין שאַלכל די פאַרשעמטע הענט.
ער זעט, אַ צווייטער שמחת תורה האָט זיך העל צעפלאַקערט,
ווי אַ שרפה אין די שויבן;
ער זעט, אַ חזנדל, אַ יידעלע, אַ געניצל,
שיכור פון איין גלעזל מיט אַ פעניצל,
שרייט: נצח ישראל לא ישקר — — —
כאַפּט ער אויף די הענט דאָס חזנדל און נעמט אים הויבן,
אַזש הויך צעקלינגען זיך די ספר־תורה־כתרים.
דער חזן לאַכט: בשעת חדוה האָב איך ניט פאַראיבל, —
דער פּרוש לאָזט אַראָפּ דאָס חזנדל פון אָרעם,
און זינגט מיט אַ פאַרקרימטן פּרצוף, ווי אים וואָלט געאיבלט...

גייט, גייט, בעטלער און כלי קודש,
ווי איר זייט יאָרטויזנטער געגאַנגען,
היינט זייט איר — אַ טייך אין מיטן חודש,
וואָס האָט דעם לבנה־שיין געפאַנגען.
גייט, גייט איינער נאָך דעם אַנדערן,
איינגעקלאַמערט איינער אינם צווייטן —
ווו איר וועט ניט גייט און וואַנדערן,
וועלן אייך די טייכן מיט געוויין באַגלייטן.
אייער פידל איז דער ספר אויפן שטענדער,
און די שטענדערס זיינען די ערבות,
וועט איר אויסגעפינען נייע לענדער,
וועט איר דאָרטן קלאָגן ווי די סאָוועס.
מיט די תורות רונד ארום באַלעמער,
צאָן קדושים, טאַנצט און פרייט זיך זייער,
ווי אָרום דעם ברונים טאַנצן לעמער —
גייט, גייט, אייביקע לוויה־גייער.

דער עולם טאַנצט אַלץ הייסער — און אַלץ העכער
רייסט זיך דער אוקריינער פון זיין גוף:
— שמש — שרייט ער — גיב אַהער דעם קידוש-בעכער!
יאָמער, שפּאָט און ביטערניש איז אין זיין רוף.
אין טונקלעניש פון ליידיקן צעפראַלטן אָרון
שלוכצט דאָס ליכטל ווי אַ קינד אַליין אין פוסטע שטיבער,
דער פרוש האָט די הענט אין לופט פאַרלאָרן,
און שטעלט די פים ווי איבער גריבער.

„הבן יקיר לי אפרים" —
אונדזער בלוט איז הפקר, ביליק.
יידן, טרינקט מיט מיר לחיים,
יידן, מיר איז ניט קיין חילוק,
וואָס עס וועט מיין בלוט באַשמירן,
צי אַ רינשטאָק, צי אַ גאָרטן —
ווו מען וועט צום טויט מיך פירן —
וועל איך פוילן בלייבן דאָרטן.
מיך באַוויינען וועלן ראָבן,
ווערים וועלן קדיש זאָגן,
וועט מען ניט מיין רעשט באַגראָבן,
וועט עס שוין דער ווינט צעטראָגן.

„הבן יקיר לי אפרים" —
אונדזער בלוט איז הפקר, ביליק.
ווילסטו, גאָט, אַ בונד אַ נייעם,
שרייב איך אונטער גערנוויליק!
אַפילו אין אַ וואַסער-רינע —
ווי אויף אַ מזבח שטאַרב איך,
מיר איז ניט קיין נפקא מינא,
וועלכע ערד מיט בלוט באַפאַרב איך,
די פון אדום צי פון בבל,
אָדער גאָר פון דער אוקריינע —

אומעטום בין איך דער אבל,
וואָס באַקלאָגט די קינדער זיינע.

„הבן יקיר לי אפרים״ —
אונדזער בלוט איז הפקר, ביליק.
טרינקט זשע נאָכאַמאָל לחיים
פאַר מיין שטאָט, וואָס איז פאַרטיליקט.
פאַר מיין ווייב, די טויב די שטילע,
פאַר מיין צאַרטער בת-יחידה,
פאַר מיין הייליקער קהילה;
מיינע כהונה-הענט, די מידע,
האַלטן אונטער טויטע אָרעמס,
העלפן מיר די תורה טראָגן —
פילט איר ניט גערוך פון קברים ?
הערט איר ניט אין טאַנץ אַ קלאָגן ?

עס פערלט שוין דער שוויים אויף זיינע באַקן,
דאָך ווירבלט ער און שווינדלט אין אַ קרייז,
זיין אויג כאַפּט אויף אין לויף אַ פינגער-קנאַקן...
אַ קאָפּ אַן אָקסל... אויגן צוויי פאַרגלייזט...
אַ שויב... די בימע... קעפּ אויף קעפּ געטורעמט —
עס טראָגט זיך אָרום זיך אַליין אַ שטורעם,
און נידעריקער, נידעריקער זינקט ער צו דעם דיל,
און גלייכט זיך ווידער אוים: — רבותי, שאַ !
אַ טויבער פרעגט דער באַלקן: האַ ?
מען הערט די קנויטן פלאַקערן — אַזוי ווערט שטיל :
— פלוגיאַנער פרוש, ניט געבעטן האָב איך פאַר יום-כיפור אייך מחילה,
בעט איך איצטער שמחת תורה פאַרן היכל,
און פאַר די אויגן פון דער גאַנצער הייליקער קהילה :
פלוגיאַנער פרוש, זייט מיר מוחל !
ער נעמט אָרום דעם פרוש און ער קושט אים :
— ניט מיינט איך בין משוגע, איר זאָלט עס ניט מיינען —
און ער בלייבט פאַרשטאַרט ווי עפּעס וואָלט פאַרחושט אים.
נאָר באַלד צעוויגט ער זיך און הויבט אָן וויינען :

— מען מעג אין אַ בית מדרש קושן בלויז אַ ספר,
אַ ייד איז אָבער ווי די תורה הייליק,
יידן, מעקלערם פון מדינות, שמאַטעס-אויפקויפער, פאַרקויפער,
האָבן אין דער תורה דאָך אַ חלק,
ברענט אַ פאַרמעט, פליען אירע אותיות ליכטיקע אַוועק,
און מען וועט אַ צווייטן ספר שרייבן,
אָבער אַז מען שטעכט אַ יידן אויף אַ פויערישן וועג,
וועלן זיינע קינדערלעך יתומים בלייבן.
און האָב איך כפירה איצט געזאָגט,
פאַרוואָס האָט זיך די באַנק ניט אָנגעצונדן ?
די באַנק אין ווינקל, וווּ איך נעכטיק און איך טאָג,
די באַנק, וואָס האָט צום גאַרניט מיך געבונדן...
און ער נעמט אַ גרויסן פלפול דרייען
מיט אַ ניגון ווי ער וואָלט אַ הספד האַלטן,
און ער שפּאַלט אַ האָר אין צווייען,
אַז עס נעמען זיך די שאַרבנס שפּאַלטן —
און ווידער נעמען זיינע פּיס זיך האַסטיק יאָגן,
ער שלעפּט דעם עולם ווי אַן אויסגעשפּאַנטן וואָגן.

נאָכאַמאָל הקפה אלף —
אי אַ רב און אי אַ כהן,
קומט דאָך מיר דער ערשטער חלף,
קומט דאָך מיר דער טויט אין צווייען —
ווי זשע האָט עס פאַרט געטראָפן,
מיך זאָל אויסמיידן דאָס בייז ?
כ׳שווער אייך: איך בין ניט אַנטלאָפן —
נאָכאַמאָל הקפה בית.
פּנים איינגעשפּאַרט אין נאַקן,
ס׳דרייט זיך מיט די ערד, דער הימל,
זאָל אייך דוכטן, אַז קאַזאַקן
יאָגן אייך... הקפה גימל.
שטיבעלעך אין גרינס פאַרפלאָכטן,
רונד אַרום דער קאָרן כוואַליעט,

און דער שוחט האָט געשאָכטן —
נאָכאַמאָל הקפה דלד.
יידן נאַקעטע אויף פּלעצער,
ס'פּאָכן קנוטן, אַ געשריי:
„זשידעס, הויבט די פּיס, די קלעצער"
נאָכאַמאָל הקפה הה.
יידן טאַנצן, ס'שניידן קנוטן,
און דערהרגעטע אין ראָוו,
וואַשט די שיין פון זיי די בלוטן —
נאָכאַמאָל הקפה וו.
שענדט מיין טאָכטער... און אַ הוילע
ווערגט זי, אַז זי זאָל ניט שרייען,
נעם, רוצח, זי דערקוילע! —
העלף מיר גאָט... הקפה זיין.

דער עולם איז שוין אין די ווינקלען מיד צעפּאַלן,
נאָר דער אוקריינער רבֿ וויל זיך אַליין איבערטאַנצן,
ער האַלט זיך ביי דער ברוסט, ווי ער וואַלט וועלן זי צעפּראַלן,
און פון זיין פינצטערניש זיך אויסלייזן אינגאַנצן.
דער ראָק, דער טלית-קטן איז אויף אים צעכראַסטעט,
אָט שיסט ער ווי אַ פייער-זייל אַרויף,
אָט זעצט ער אויף די קניען זיך אַרונטער האַסטיק,
און ווען ער הויבט זיך ווידער אויף —
פינקלט אין זיין האַנט אַ מעסער...
ס'בלייבט שטום דער לעצטער קלינגעווודיקער כתר,
און אַלע זינקען ווי אין סמאַלע:
— ממזרים — ברילט ער — כ'האָב פאַר אייך זיך אויפגעריסן,
האָט איר מיט בראָנפן און מיט לעקעכלעך פאַרביסן,
אַרויס!... דער עולם שפּאַרט זיך אין בהלה,
און שטיל און ליידיק ווערט אין קלויז.
אין האַנט דאָס מעסער, גליווערט דער משוגענער אָן לשון,
דאָס ליכט אין אָרון-קודש לעשט זיך אויס,
און אויך דער שאַרף פון אויסגעשטרעקטן מעסער ווערט פאַרלאָשן.

## ה.

פאַראומערט-האַרבסטיק קוקן איבער זיך די שטיבער,
די קלויז אַן אויסגעקילטע, אַ נאָך יומטובדיקע הויערט ליידיק, —
לויף איך , דאָס פאַרפרומטע לערנערל, צו איר אַריבער,
דער קול פון תורה זינגט אין מיר שוין פריידיק,
נאָר איך דערשפיר אין פירהויז אויף די שמאָלע טרעפּ,
ווי עמיץ אין דער וואַנט וואָלט גלייך מיט מיר געגאַנגען
דאָרט הינטער דעם געפּלאַצטן טינק... און טעמפּע קלעפּ
דערפיל איך אין מיין שלייף, און אויף מיין גאָרגל — צוואַנגען.
די טיר מיט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ שפּרינגט אָפּ,
ווי איך באַפרייט וואָלט אַ פאַרשפאַרטן ,
די כהונה-הענט פון עמוד ציען אוים זיך צו מיין קאָפּ,
ווי צו אַ זון אַ לאַנג דערוואַרטן — — —
מיין שאָטן שטייט אין טיר און לאָזט מיך ניט אַרוים.
אין מזרח שטאַרט אַ מענטש ביז דעם סופית די גרוים...
שטייט ער אויף אַ שטאַפּל,
שוועבט ער אין דער לופט ?
ער ווינקט מיט איין שוואַרצאַפּל,
ער רופט, ער רופט — — —
און איך כאַפּ אָן זיך ביי מיין האַלדז . . .
די הענט צעשפּרייט מיט שטומער טענה
און אויף דער ליפּ אַ שמייכל פון צעלאָזטן זאַלץ —
הענגט דער פּרוש פון אוקריינע.

.1936

# געוויין פון דורות

## א.

אויף מיין עלטערזיידעס ווייסע קליידער
זע איך אויפפלאַמען דעם קרייץ פון מיטלאַלטער.

מיין עלטערזיידע זיצט ביים סדר.
אַ גרויסן ווילדן מאַנדל-שטעקן,
זיינע אבות אויפצוּוועקן,
האַלט ער.
אַנשטאָט דריי מצות גליען דריי לבנות אויף אַ טעלער:
די אונטערשטע איז שוואַרץ, די מיטלסטע איז רויט,
די אויבערשטע איז פון די ליכט, די פּסחדיקע העלער.
מיין עלטערזיידע שמעקט געפאַר און טויט —
אַ קינד אין קעלער ...
פון קידוש-בעכער
קריכט אַ גרינע שלאַנג,
דער פלאַם פון אירע אויגנלעכער
צינדט אָן דאָס געטראַנק.
מיין עלטערזיידע טרינקט דעם ברענענדיקן כוס,
ער פילט : די אבות אויף דער וואַך —
און הינטער טיר און שלאָס
דעם באַרוועסן מאַנאַך ...

## ב.

איך זע מיין זיידן דעם נאפאלעאָנישן סאָלדאַט,
אַ פארלוירענעם אין פינצטערע זאַווייען.
דעם טרוים פון וועלט-באפרייאונג, וואָס ער האָט געהאַט,
האָט ער צוזאמען מיט זיין פערד פארגראָבן אין די שנייען.
דער אָפּגעריסענער, דער לעצטער גרענאַדיר,
אַנטלויפט פון קאַלטן צפון.
עס יאָגט אים נאָך אַ ווייסער בער — סיביר:
— זאָל רוסלאַנד שלאָפן, ווי זי איז ביז איצט געשלאָפן,
איינגעוויגט מיט שווערע גלאָקן
און מיט קנוטן —
זאָל רוסלאַנד שרעקן, ווי זי האָט געשראָקן,
און אין שניי פארבלוטן.

מיין זיידע הינטער מאָסקווע — דער פראַנצויזישער סאָלדאַט און פאַטריאָט,
זינגט די מארסעליעזע אונטער אַ הארמאָטן-ראָד —
און הערט, ווי ס'פייפט דער אוראַגאַן,
און פייקלט אויף זיין באַראַבאַן
דעם מאַרש צום עשאַפאָט...

## ג.

הענט,
צוויי ליכטיקע, צוויי שטילע הענט,
עפענען זיך אויף און תפילות פלאטערן פון זיי ארויס ווי טויבן,
נביאישע צוויי הענט
פארברעכן זיך — זיי קענען מער ניט לויבן;
צוויי אייזערנע קולאקעס
שמעטערן די ווענט —
מיין טאטנס הענט.

מיין טאטע האט געליבט די הייסע מטרוניתא פון קבלה,
דערנאכדעם — די בת־מלכה פון השכלה,
צום סוף האט ער פארדאמט אי מענדעלסאנען, אי דעם זוהר,
און נאר געליבט זיין האס צו די פרומאקעס.
עס האט געגעסן אים דער טרויער,
פארוואס ער לעבט בלויז מיט דעם עבר און מיט קברים,
אזוי ווי אין דעם טויטן לעבט דער ווארים;
ער איז געווען אין שטיבער גבירישע א לערער,
האט געהאט א ווייב און קינדער,
נאר בלוט האט ער געהאט פון א פארשווערער
און אן אונטערצינדער.
א ריז — האט ער געוויינט מיט קינדישע פארשעמטע טרערן,
א פילאזאף — האט ער פארטרונקען זיינע יארן;
ער איז געווען אן אנזאג בלויז, פון וואס ער האט געדארפט נאך ווערן —
און איז ניט געווארן.

## ד.

מײַן עלטערזײדע, װאָס איז אומגעקומען צו מקדש זײַן דעם שם,
שטײט אין פֿלאַמען בײַ מײַן בעט און װײנט:
— בין איך געשטאָרבן אױפֿן שײַטער־פֿלאַם פֿאַר דעם,
עס זאָל זיך פֿרײען אין זײַן קלױסטער־צעל דער באָרװעסער מאָנאַך,
אַז ס׳קען מײַן אײניקל ניט שטאַרבן פֿאַר זײַן זאַך? —
ניט דאָס האָב איך, מײַן אײניקל, געמײנט,
ניט דאָס האָב איך געמײנט.

מײַן זײדע, װעלט־באַפֿרײער, — אױסגעמאַרעטער, דערפֿרוירענער סאָלדאַט,
הײבט זיך אױף פֿון שנײ און קוקט מיך אָן דערשטױנט:
— פֿאַר דעם האָב איך אַלײן זיך אײַנגעשפּאַנט אין אַ האַרמאַט,
און ביז אַהינטער מאָסקװע נאָכגעשפּאַנט מײַן חלום און נאַפּאָלעאָן,
אַז דו זאָלסט מורא האָבן פֿאַר אַ ביקס און פֿאַר אַ פֿאָן? —
ניט דאָס האָב איך, מײַן אײניקל, געמײנט,
ניט דאָס האָב איך געמײנט.

מײַן טאַטע, װאָס האָט װי אַ װײנט פֿאַרלאָשן אַלע יאָרצײַט־ליכט אין קלױז,
טוליעט צו זײַן סיװון קאָפּ צו מיר און װײנט:
— פֿאַר דעם בין איך געװען אין חרם אין מײַן אײגן הױז,
און אַ פֿאַרשטױסענער געליטן װי דער פֿילאָזאָף פֿון אַמסטערדאַם,
אַז דיר זאָל זײַן אַ שאָדן צו צעשמעטערן דעם צאַם? —
ניט דאָס האָב איך, מײַן זון, געמײנט,
ניט דאָס האָב איך געמײנט.

## ה.

מיינע עלטערזיידעס, מיינע זיידעס,
און מיין טאַטע אַ פאַרקלעמטער איינגעבויגן,
אַ געפּייניקטע הכנעהדיקע עדה,
שמייכלט מיר אַריין מיט ליבשאַפט אין די אויגן.
און אַ וווקסיקער פאַרשנייטער זיידע
שפּרייט אויס זיינע הענט ווי דינע צווייגן:
— אייניקל, אַ ייד דאַרף קענען גיין צו דער עקדה,
קענען גיין און שווייגן...

צעוויגט זיך ווי אַ וואַלד אין ווינט דער טויטער ציבור:
— אַ נייס דאָס איז, אַז מיר די ברינימער פאַרסמען,
אַז מען יאָגט אונדז פון די שטיבער,
און ס'יאָגן אונדז די שטיבער נאָך אין פלאַמען.
אַ נייס דאָס איז פאַר זיך אַליין אונדז אויסצוגראָבן גריבער —
און אויפהענגען דעם טאַטן מיט דער מאַמען...
עדות קענען זיין די ווענט, די שויבן,
די בלוט און מאַרך באַשפּריצטע קישנס,
אַז אונדזער האָב און גוטס איז לייכט צו רויבן,
און ס'לאָזט זיך אונדזער בלוט פאַרווישן.
עדות קענען זאָגן אונדזערע געשענדטע ווייבער,
די עופהלעך אַרויסגעריסענע אין טראָגן,
אונדזערע פאַרקריפּלטע, פאַרשעמטע לייבער,
און אויך די קליידער קענען עדות זאָגן:
מיר קענען איבער זיך, ווי איבער וויין און חלה, מאַכן קידוש,
מיר קענען ווי די לעמער, ווי די ביימער איבערטראָגן,
זיין פאַר העק, פאַר פלאַמען און פאַר חיות — שפּייז,
פאַר אונדז איז קיין זאַך ניט קיין חידוש,
קיין זאַך ניט קיין נייס.

הויב איך אונטער זיך פון בעט אויף מיינע עלנבויגנס,
און ווי אַ גוסס וויל וואָס זאָגן,
פלאַקער איך אַרוים מיט מיינע פיבערדיקע אויגן:
— די שונאים טענהן, אַז מיר האָבן זיי צוריקגעשלאָגן...

— „צוריקגעשלאָגן?!"
ציטערט אויף דער גאַנצער טויטער ציבור,
און מיין דינער, וווקסיקער, פאַרשנייטער זיידע
קוקט מיט שטוינונג און מיט שרעק זיך איבער
מיט דער מתים־עדה...
נאָר מיין טאַטע שטייט שוין מער ניט איינגעבויגן,
ווי די איבעריקע זקנים איינגעבראָכן,
עס ברענט אַ בייזע פרייד אין זיינע אויגן,
און זיין פנים צוקט פון פיינלעכן נצחון:
— אַזוי, איר האָט זיך ניט געלאָזן שעכטן פאַר זיין נאָמען?
ס'איז אייער לעבן ניט בלויז הייליק, נאָר אויך טייער, — — —
איר האָט שוין ניט געשעפּטשעט אונטער די חלפים: אָמן?
איר זענט שוין ניט געגאַנגען מיט געזאַנג אין פייער? —
מעגט איר איצט אויף זיך די האַרבסטע שטראָף אַפילו נעמען!
איר דאַרפט זיך ניט, מיין זון, באַקלאָגן,
איר האָט זיך ניט מיט וואָס צו שעמען!

נעם איך אָן מיין טאַטן פאַר דער האַנט,
און פאַרגראָב אין אים מיין ברענענדיקן פנים:
— טאַטע, דאָס איז אונדזער ווייטיק, אונדזער שאַנד:
ווי זאָלן מיר אַריבערטראָגן די באַשטראָפונג
פאַרן שלאָגן שונאים?
מיר זיינען דאָך ווי אַלעמאָל אַנטלאָפן!
ווי אַלעמאָל אַנטלאָפן.

## ו.

אַ סך חלומות האָבן מיך געפּייניקט — און פון גרויל
געבלוטיקט האָט מיין האַרץ, געציטערט האָט מיין ווילן,
ביז אַ טירוף־שמייכל האָט פאַרקרימט מיין מויל,
און איך האָב זיך גענומען מיט חלומות פינצטערע פאַרשפּילן,
און איך האָב אין דער נאַכט באַשוואָרן
צונג און גוף און קאָפּ:
— וואַרף זיך ניט אין חלום ווי אַ ווינט אין קאָרן,
זינקסטו — זאָלסטו מיטן קאָפּ אַריין
אין תהום אַרונטערפליען!
שרייסטו — בלייב געליימט!
קיינער זאָל ניט זאָגן, אַז איך האָב געשריען
פון מיין שלאָף געהיים.

דעמלט איז מיין טאַטע אין אַ נאַכט אַ שטורמישער געקומען,
ער האָט דעם צודעק פון מיין בעט אַראָפּגעריסן,
און אין פּנים מיר געשמיסן,
נאָר איך האָב דאָך באַשוואָרן זיך אַליין — צו שטומען...

ער האָט גערעדט: דו, ברענענדיקער דאָרן,
דו האָסט דיין הייסן קערפּער איינגעדעקט
אין ליילעך, אונטער וועלכן ס׳האָט דיין מאַמע דיך געבאָרן —
און וואָס האָט מיט מיין טויטן גוף געשמעקט;
דו, תאווהדיקער, ברענענדיקער דאָרן,
דו וויקלסט אין מיין צודעק דיינע גלידער,
מיין תאווה — איז די שולד פון דיין געבאָרן,
און נאָר מיין לוסט איז אויפגעשטאַנען אין דיר ווידער — — —
בן סורר דו, בן מורה,
אַז איך בין שוין באַגראָבן — לאָז מיך זיין באַגראָבן,
אַז מען באַהאַלט אַ פּסולע פאַרמעקטע ספר־תורה,
דאַרף מען אויך איר מענטשלע ניט האָבן.

גיי הויקער זיך צוזאַמען ווי אַ בערגל אויפֿן פֿעלד,
און זאָלן דיך פֿאַרוואַקסן געלע גראָזן;
ווי קענסטו אומטראָגן מיין פּנים אויף דער וועלט,
אַז דו האָסט נאָך מיין ליידנשאַפֿט ניט אויסגעלייזט געלאָזן?
חשבון מאָנען דיינע זיידעס:
— וואָס איז דיין באַרוף און וואָס — דיין וואָרט?
אַן ענטפֿער גיב די דורות־עדות,
אויב דיין געבורט בלייבט בלויז אַ צופֿאַל — איז עס מאָרד.

אַזוי האָט אַ דערצאָרנטער מיין טאַטע מיטן צודעק מיך געשלאָגן,
אַ נאַקעטער בין איך געלעגן און געציטערט.
גאָרנישט האָב איך, דער באַשוואָרענער, געקענט אים זאָגן,
ווי אַן אויסגעהאַקטער וואַלד, וואָס קען אַפֿילו זיך פֿאַר דעם געוויטער
ניט באַקלאָגן...

.1936

# שלאָף-ליד

אײ-לע-לו, — שוין זעקס און צוואַנציק יאָר
װיגט די נאַכט זיך אין מײן פוסטן װיגל,
איצט פאַרװיגט דאָס זעלבע ליד אַ קאָפּ מיט גרױע האָר,
און ניט קײן מלאך מיט צװײ װײסע פליגל
שטײט בײ דעם צוקאָפּן, —
דער בלאָנדער זון פאַרװיגט זײן גרױע מאַמע,
און אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן
פאַרװיגט ער זײן געװײן מיט איר צוזאַמען.

אײ-לע-לו, — די מאַמע ליגט דעם װיפלטן מעת-לעת,
און װײל דער דאָקטאָר קומט ניט צו דער אָרעמער צוגײן,
װאַרט דער זון אױף דעם משיחישן און לעצטן נס —
אין קראַנקן-הױז זאָל קומען גאָט אַלײן.

איי־לע־לו, — די מאַמע טריקנט ווי אַ שטיק פֿאַרברענטע ערד,
און דער זון — דער זון וואָס טוט ?
זיינע אויגן הענגען איבער איר פֿאַרטרערט,
ווי אַ רעגן רוישט זיין בלוט.
עס קען דער זון מיט זיינע טרערן בלויז באַפֿייכטן
איר צעפֿיבערט־היים געזיכט,
איר קאָפּ דער גרויער אויף דעם בעטגעוואַנד זאָל לייכטן,
ווי אַ ליכט.

איי־לע־לו, — די מאַמע קען ניט שלאָפֿן,
זי וויינט אַרויס פֿון דרימל, ווי אַ פֿויגל וויינט פֿון אַ רואין:
— מיין קינד, איך האָב געזען ווי דו ביסט אַ פֿאַרבלוטיקטער געלאָפֿן,
און בלינד האָט דיין געזיכט געפֿרעגט: וווּהין ?
אויף אַ שייד־וועג האָסטו דיינע ברידער אָנגעטראָפֿן,
דיינע ברידער, די פֿאַרוואָגלטע,
זיי זיינען אויך, ווי דו, פֿאַרבלוטיקטע געלאָפֿן,
און ניט געוווּסט וווּהין.

איי־לע־לו, — דאָס ליד פֿון אָנהויב איז מיט ראָזינקעס און מאַנדלען,
בלוט און וואָגל — איז דאָס ליד פֿון סוף,
ס׳ווייסט איין גאָט, ווי לאַנג נאָך דיינע קינדער וועלן וואַנדלען,
און ווי בידנע שאָף
וועלן פֿעלקער זיי פֿאַרהאַנדלען —
שלאָף, מיין מאַמע, שלאָף.

1936.

# די אלמנה

האַלבע נאַכט וועקט זיך אויף די אלמנה,
און צינדט אָן דערשראָקן אַ ליכט, —
אין איר פענצטער די האַלבע לבנה
קערט אָפּ איר צעשפּאָלטן געזיכט,
און צאַנקט ווי אַ לאָמפּ אויף אַ טויער.

די אלמנה קוקט אום זיך אין חדר,
קוקט איין זיך אין וואַנט־שפּיגל שטרענג :
אויף איר נאַכט־בענקל הענגען די קליידער,
און אויך אין איר מויל־ווינקל הענגט,
ווי שטענדיק, אַ שמייכל פון טרויער.

איר געלעגער, דאָס שנייאיקע, ברייטע,
איז ביז צו דער העלפט ניט גערירט, —
דער מת שטומט אין גרוב אַ פֿאַרשנייטער,
איר לייב גליט ביינאַכט... נאָר עס פֿרירט
איר אָטעם בייטאָג אין איר שלייער.

ס'פֿאַרפֿלעכטן זי שאָטנס געהיימע,
זי רייסט אויף דעם קליידער־שראַנק גיך —
און שפּרינגט אָפּ צוריק פֿול מיט אימה :
דאָרט וואַרטן צוויי מענערשע שיך,
נאָר ס'פֿוילן די פּיס פֿונם גייער.

זי שטרעקט אויס איר האַנט צו דעם הענגער —
אַנטלויפֿט פֿון איר הארצן דאָס בלוט :
דער טויטער, אַ גרויער, אַ שטרענגער,
אָפּער קוקט פֿון הינטער זיין הוט, —
זיין פּנים, דאָס שטרענגע, דאָס גרויע.

מיט שרעק שליסט זי צו אירע אויגן,
און טאַפּט אָן איר חתונה־קלייד,
אָט האָט זי דאָס קלייד אָנגעצויגן, —
און קוקט מיט נקמה און פֿרייד
אויף איר זייד־שוואַרצן צודעק פֿון טרויער.

.1937

# האָמונקולוס

א.

איידער נאָך איך גיי ביינאַכט אין שטוב אַריין,
זע איך שוין מיין מאַמעס גרויען קאָפּ
וויגן זיך אין געלבן לעמפּל־שיין,
זע איך אירע הענט, וואָס רינען מיד אַראָפּ;
איידער נאָך איך גיי ביינאַכט אין שטוב אַריין,
ווייס איך שוין: מיך וואַרט ניט קיינער אָפּ,
מיין מאַמע גיט אַ קוק און דרימלט ווידער איין, —
ס׳דרימלט אויפן טיש מיין מאַמעס גרויער קאָפּ.

נעם איך שטום אַרומשפּאַנען פון וואַנט צו וואַנט,
(אין מיין שטוב בין איך נאָך באַלעבאָס) —
ביי מיין מאַמען שפּילט אין האַרצן נאָכאַנאַנד,
ווי די פליגעלעך אין זומערדיקן גראָז;

נעם איך אָן דאָס לעמפּל אין מיין האַנט,
און פאַרצי זיין רויך־געיאָמער אין מיין פּאַפּיראָס, —
וויים איך: באַלד וועט אויף דעם לעמפּל־ראַנד
אַרויסקריכן אַ מענטשעלע פון גלאָז.

שוואַרץ איז דאָס מענטשעלע, פאַרשפּיצט און דין — אַ שפּאָן,
הענטעלעך און פיסעלעך פון רויך,
גליאיק איז זיין קעפּעלע, און ברענט ווי רויטער מאָן,
מיט אייגעלעך צוויי פייערדיקע אויך, —
קוקט ער מיך, דאָס מענטשעלע, אַ רגע אָן,
און פאַרגלאָצט די אייגלעך אין דער הויך:
— ממזר, וואָס האָסט דו שוין ווידער אָפּגעטאָן? —
שמייכלט עס און וויקלט זיך אין רויך.

זעץ איך זיך אַנידער מיט פאַרהאַקטע ציין,
און מיט ברענענדיקע אויגן, בעט איך: שווייג!
נאָר עס שליידערט שטראָף־רייד — יעדעס וואָרט אַ שטיין,
מיר דער הונגעריקער חיה אינם שטייג,
ביז מיין צאָרן לייזט זיך אויף אין אַ געוויין,
זינקט אַראָפּ מיין האַנט ווי אַ פאַרוועלקטער צווייג,
שלאָגט אין האַרצן מיר מיין האַנט פון זיך אַליין:
— איך בין אַ בוגד, האָב געגזלט און איך לייג.

ווישט זיך אויס דאָס מענטשעלע פון אויג אַ טרער,
קוקט זיך אין מיין שלאָפעדיקער מאַמען איין:
— כ'רויכער זיך ביי דיר אין לעמפּעלע און קלער:
צו וואָס בין איך צו דיר אין שטוב אַריין?
אַמאָל פלעגסטו, דו גוטמוטיקער בער,
אַרויסבאַקומען האָניק פון דיין פיין, —
איצט איז שווער מיט דיר... אַזוי־אַ שווער,
ווי מיט אַ מערדער אין איין צעל צו זיין.

עס וויגט די אויסגעשפּרייטע הענטלעך ווי אַ וואָג,
וועגט און מעסט אָפּ, וואָס איך טראַכט און טו :
דעם חלום פון מיין נאַכט, דעם גלויבן פון מיין טאָג,
נאָכדעם מאַכט עס מיר די אויגן צו,
און ווי אַ בלינדער שפּילער אויף אַן אָוונטיקן ראָג,
זינגט עס מיט אַ ניגון: ליו-ליו-ליו,
און איידער איך פאַרלעש דעם לאָמפּ, עס טוט אַ זאָג:
„אויף שטענדיק שוין דער זעלביקער ביזטו !"

## ב.

דער אָרעמער, חרובער פילאָזאָף
בלאָנדזשעט דורך די פוסטע סקווערן,
די נאַכט, זי ברענגט די בירגער שלאָף,
די טרוימער ברענגט זי שטערן, —
נאָר אין אַ נאַכט ווען שטערן זיינען אויך ניטאָ,
האָט אַ מענטשעלע זיין עלנט אויסגעטראַכט,
וואָס ציט אים פאַר אַ שטריק און לאַכט:
— האָ, האָ, האָ.

האָלאָ, העי, האָמונקולוס,
ס'טאַנצט אַ נאַקעטער דער ווינט,
און דאָס מענטשעלע אויף קוליעס,
דרייט זיך מיט אין ראָד געשווינדט.

געפרוווט האָט ער אַ מענטש ווי אַלע זיין,
און פאַרט געבליבן — פילאָזאָף און דיכטער,
ער טרינקט זיין איינזאַמקייט ווי שטאַרקן ווייַן,
און כאָטש ער טרינקט, איז ער באַשטענדיק ניכטער;
נאָר וויל מען קען ניט אויסטרינקען דעם ווייטאָק ביזן דנאָ,
האָט אַ מענטשעלע זיין עלנט אויסגעטראַכט,
וואָס ציט אים פאַר אַ שטריק און לאַכט:
— האָ, האָ, האָ.

האָלאָ, העי, האָמונקולוס,
שוואַרצע פאַקן שטעל זיך, נאַכט!
ס'טאַנצט דאָס מענטשעלע אויף קוליעס,
ווייזט אַ צינגעלע און לאַכט.

ווי עס שטומט און פוילט אַן אָפּגעהאַקטער שטאָם,
פֿילט ער, אַז ער פֿוילט אין זיין פֿאַרשטומען,
ער וואַרט אויף זיין פֿאַרערן, אויף זיין מאַדאַם,
זי זאָל איר קערפּער־דופט אים צושיקן אין בלומען, —
נאָר ווייל אַזאַ פֿאַרערן איז גאָר נישטאָ,
האָט אַ מענטשעלע זיין עלנט אויסגעטראַכט,
וואָס ציט אים פֿאַר אַ שטריק און לאַכט :
— האָ, האָ, האָ.

האַלאַ, העי, האָמונקולוס,
כאַריקירי מאַכט זיך ווינט,
ס׳טאַנצט דאָס מענטשעלע אויף קוליעס,
און די נאַכט גייט שווער צו קינד.

דעם חשבון שטופּט ער פֿויל אויף שפּעטער אָפּ,
קיינמאָל שטוינט ער ניט — כאָטש אַלץ איז אים אַ וווּנדער,
נאָר ס׳טרעפֿט אַמאָל, אַז האַסטיק דורך זיין קאָפּ
לויפֿט דורך אַ מחנה רייטער — אַ יאָרהונדערט...
נאָר זעלטן לעבט מען דורך אַזויפֿיל אין איין שעה,
האָט אַ מענטשעלע זיין עלנט אויסגעטראַכט,
וואָס ציט אים פֿאַר אַ שטריק און לאַכט :
— האָ, האָ, האָ.

האַלאַ, העי, האָמונקולוס,
איך האָב דעם קאַרליק אויסגעדאַכט,
איצט גיי איך שוין אויף די קוליעס,
און ער — ער ציט די שטריק און לאַכט.

.1936

# ביים טאַנץ

... אַ שוואַנגערע פרוי און אַ שיכורן דיכטער
טאָר מען נישט, פריילן, אָנזאָגן —
איך לאַד אייך צום טאַנץ איין, — ווען איך בין איצט ניכטער,
וואָלט איך אַזויפיל ניט וואַגן.
מיט ליכט און מוזיק איז מיין ברוסט אָנגעטרונקען,
אַ נאַכט האָב איך ווילד אָפּגעשווידערט
אין ווירבל פון קניען, וואָס האָבן געוווּנקען,
אין תאַווהקן מורמל און פלוידער.
גלוסטונג, וואָס פייערט אַרוּים פון שוואַרצאַפּלען,
סוד פון אַ בליק אַ פּאַרטיפטן,
גליאיקע אָרעמס, וואָס מאָנען און צאַפּלען,
ציטער פון צייטיקע היפּטן.

איר זעט שוין , איך בין אויף אַן אמת ביגלופין,
אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ דיכטער,
וואָס טרינקט מיט די אויגן דעם צויבער פון גופן —
מיין האַרץ אָבער בלייבט שטענדיק ניכטער.
און ווי עס קוקט ביי דער נאַכט פון אַ טויער
אויף רוישיקע גאַסן אַ וועכטער,
קוקט אין מיין האַרץ פון אַ ווינקל דער טרויער
אויף טאַנץ, אויף מוזיק און געלעכטער.

און וויפל איך האָב ניט דעם שימער געזויגן,
געפינקלט ביים טאַנץ און פאַרווײלונג,
באַגלײט האָבן מיך אומעטום שוואַרצע אויגן —
אייערע שוואַרצאַפּלען, פריילן.

פאַרשעמט זייט איר דאָרט ביי דעם טישל געזעסן,
דאָס דורשטיקע מיילכל האַלב אָפן,
ווי איר וואָלט נאָך רו שוין געחלשט מעת-לעתן,
און טאַנצנדיק — זייט איר געשלאָפן.
אַזוי גאָר... אַ קעלנערקע זייט איר אויף בעלער,
און וואָס פון באַרוף — אַ סטודענטין?
אייער בלייך געזיכט טראָגט איר אַרום אויף אַ טעלער,
און קריגט צום געהאַלט — קאָמפּלימענטן.
אַ יאָ?... אויב אַזוי, זייט מיר, חברטע, מוחל:
ס'איז אַ באַל אויף ווילטעטיקע צוועקן . . .
נאָך גוט וואָס איר קענט מיט אַ ליכטיקן שמייכל
דאָס נאַכטיקע פּנים באַדעקן.

באַמערקט האָב איך אייך, ווייל אַ וואָלף און אַ שטערן
דערזעען נאָך בעסער ביינאַכט זיך.
אַ וואָלף אין אַ רעקל טאַנצט וואַלס... און אַ שטערן,
וואָס האָט גאָר אין שפּיצן פאַרמאַכט זיך.
די גייסט אַזוי לייכט ווי אַ שוימיקע כוואַליע,
כאָטש ס'כליפּעט דיין פוס-טריט פאַרמאַטערט,
די הענט ווייסע פליגל, אַ שלאַנג איז דיין טאַליע,
דיין קעפּל — אַ פויגל אין פלאַטער.
מיר טאַנצן אַריין אין דעם שפּעט-זומער... שניטער
שניידן די זאַנגען און בינדן, —
עס טראָגט ווי אַ סנאָפּ דיך אַ יונג אַ צעגליטער —
די ערד אונטער אונדז נעמט פאַרשווינדן.

1937

# אַ קינד

איך האָב אַ פריינט — אַ פּעכיקער אַ קוטשעראַווער לערער,
ער האָט אַ קינד (זיין ווייב איז נאָך אַליין אַ קינד) —
און ווען ער קומט אַהיים, אַן אָנגעכמורעט שווערער,
לויפט זי אים אַנטקעגן, ווי אַ ציטעריקע אינד :
— דו ווייסט, דאָס יינגעלע האָט היינט געלאַכט,
דערנאָך האָט עס געוויינט,
עס האָט געקנייטשט דאָס שטערנדל, געטראַכט, געטראַכט,
נאָר איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס מיינט.
עס קען זיך שוין פאַרשפּילן מיט זיין אייגענעם געלעכטער,
אים ציט צום יינגעלע אין שפּיגל,
דיינע אויגן האָט עס, עס וועט זיין אַ שלעכטער. . .
און טאַטע־מאַמע אָנגעבויגן צו דעם וויגל,
איינער קעגן אַנדערן, ווי ביימער ביי אַ טייכל,
פלעכטן זיך צוזאַמען,
דער קליינער פייקלט מיט די פיסעלעך אין בייכל,
און ציט זיך צו דער מאַמען.

מיין חבר איז אַ נאַכט־רעדאַקטאָר,
זיין בלאָנדער קאָפּ איז ווי אַ קאָרן־פּעלד צעכוואַליעט,
באַדאַרפט וואָלט ער גאָר אָנפירן אַ טראַקטאָר,
און כראָפּן אין אַ קופּע היי אַריינגעוואַליעט;
באַדאַרפט וואָלט ער אַנידערזעצן זיך אויף אַ שאָסיי,
אַ שטיין צעווישן ביידע קני,
און מיט אַ האַמער — טראַסק דעם שטיין אויף צוויי!
אַ יונג אַזאַ פאַרעקשנטער, אַזאַ געוואַגטער,
האָט ווי אַן אָקס געדאַרפט אַרויסשלעפּן דעם טאָג צו מי —
איז ער אַ נאַכט־רעדאַקטאָר.

כאַפּט ער אין די הענט, ווי פייער אין אַ הוטע, טעלעגראַמעס,
ער האָרכט די וועלט די נאַכטיקע דורך טעלעפאָנען,
עס פלאַקערט אין דער פינצטערניש זיין קאָפּ — אַ ליקוי־חמה,
ער שטעלט אָן אויף באַגינען מיילער פון קאַנאָנען, —
און שפּאַנט ער שוין אַ היים פון דער רעדאַקציע,
סאָפּעט ער און פאָכעט מיט די הענט:
— אויף צווייטער, דריטער זייט — די היימישע רעאַקציע,
און אויף דער ערשטער זייט — אייראָפּע ברענט.
נאָר קומט ער נענטער צו זיין שטוב, ווערט צערטלעכער זיין טראָט,
און ווען ער עפנט אויף די טיר,
דאַן פּלאַצט ביי אים אין קאָפּ דער לעצטער טעלעגראַפן־דראָט.
דער זייגער מוסרט אים: שוין פיר,
און דו האָסט זי געלאָזט פון זיבן אויפדערנאַכט —
פון זיבן אויפדערנאַכט אַליין.
ווערט ער אויף זיך גופא אויפגעבראַכט,
וואָס ער קען ניט ווייכער גיין,
און שטערט אַ לעבן אויפגיין אין דער מוטער־טראַכט.

אין ווייכן אויסגעבעטן צימער,
אין מאַטאָווען, אין בלייכן גלאַנץ
פון בלויען וואַסערדיקן שימער,
פאַרפלעכט זיין ווייב אים ווי אַ בלאַסע פלאַנץ.

פירט ער זיינע פינגער דורך איר סאַמעט קעפּל:
— דו, אַ מיידעלע, געבוירן וועסט — אַ יינגעלע, —
ווערט זי ברוגז, אַזש עס רויטלט זיך איר אויער־לעפּל,
און זי ווייזט אים ראַש אַ צינגעלע:
— כ'וויל אַ מיידעלע.

און איך — מיט וואָס זאָל איך מיין ווייב פאַרשפּילן,
מיט וואָס זאָל איך איר ווייטאָג שטילן,
ווען זי צערטלט און זי קושט אַ מיידעלע,
אַ פּופּע אין אַ ראָזן קליידעלע?
— מיין ווייב, — פאַר קינדערלעך
האָט גרייט דער מלאך קרוינען פון געקרייזטע גלעקעלעך,
זיי ווערן ניט געבוירן ווי די הינדעלעך
אין שיכעלעך און זעקעלעך;
אַ קינד באַדאַרף אַ וויגעלע,
ווייניק נאָך, וואָס מאַמע קען דאָס וויג־ליד זינגען
פון דעם ווייסן ציגעלע,
און ס'טאָר אין קעמערל ניט זיין, חלילה, נאָס — — — —
לאָמיר בעסער זיך אַ נעם טאָן פאַר די הענט און שפּרינגען
מיט די קינדער אויף דער גאָס.
אָונט וועל איך דיך פאַרוויגן
מיט אַ פאָטערלעכן ניגון,
און אין דיינע אָרעמס בלייבן ליגן,
ווי דער הימל־בלוי אין טייך, —
און ס'וועט דער עלנט איבער אונדז זיך וויגן
צו אַ ווערבע גלייך,
צו אַ ווערבע גלייך.

.1937

# שטילער, נאָך שטילער

שטילער, נאָך שטילער... נעם שטיל זיך צוזאַמען,
מיין האַרץ, נעם צונויף די צעשאָטענע פונקען,
פאַרגיי, ווי דער טאָג איז פאַרגאַנגען אין פלאַמען,
פאַרזינק, ווי די זון אין איר בלוט איז פאַרזונקען.

אַך, טרוימען פאַרוואָגלטע, נעמט זיך צוזאַמען,
פאַרטונקלטע זעאונגען, קומט אין מיין שטיבל,
ווי קינדער צוקאָפּנס דער גוססער מאַמען,
אין הייליקער ליבשאַפט געגענט, אָן פאַראיבל.

פאַרגיט מיר, חלומות, און האָט ניט קיין טענה,
איך, אייער אָפּנאַרער, בין אַ געגנאַרטער.
פעלן דען פליגל אייך, טרוים-פייגל מיינע ?
פליט עמעצער פריידיקער, בויגיקער, צאַרטער ? —

אָ, ניין, אונדזער גורל איז נאָר אַזאַ האַרטער.

פאַרלאָזט מיך, פאַרלאָזט מיך... אַליין מוז פאַרבלייבן
דער כוהן, וואָס ברענגט אייגן לייב פאַר אַ קרבן, —
אַ, ווי מיר, איך מוז מיינע קינדער פאַרטרייבן,
און אָפּשטאַרבן, איידער איך בין נאָך געשטאָרבן.

אַוועק שוין... איצט בין איך דער פויגל דער קראַנקער, וואָס האָרכט,
ווי אין האַרבסטיקער ווייט לעשט זיך אוים לעצטער פליגל-געשאָרך.

אָך, שטילער, מיין האַרץ, ביזט גענוג ניט באַשיידן,
אַנטלויף פון דיין אייגענעם בלוט ווי פון מאָרד,
דער צער מוז זיין שעמעוודיק, שטיל און ניט ריידן
קיין וואָרט.

דאַן וועט די שטילקייט אַזוי ווי אַ שרעקיקע הירשין גענענען,
און קילן די טויטלעכע וווּנדן, וואָס ברענען.

ווי דאָס וואַסער, וואָס האָט מיך געקושט און מיין בילד ניט פאַרזיגלט,
איז מיין חלום אַוועק אויף אַ וואָלקן מיט גילדענע פליגל.

די לבנה — אַ סערפּ. אונטער איר — אָפּגעשניטענע לאָנקעס.
ווי גוט איז אַליין איבער שטעכיקע פעלדער צו בלאָנקען.

אָך, שטילער, נאָך שטילער, די שיכרות, די איינזאַמקייט זיסע,
די איינזאַמקייט זינגט — און מיין האַרץ גייט אַרוים פון זיין תפיסה.

.1938

# גורל

דריי פרילינגס פעלן מיר צו דרייסיק יאָר,
און אַלע בלעטער פון מיין יוגנט האָב איך שוין פאַרלאָרן, —
דער האַרבסט האָט אויסגעריסן מיינע האָר,
אויף מיינע אַקסל האָב איך שוין געטראָגן ניט איין ארון.

ניט איך האָב זיך מיין גורל־ליד געוווילט,
ניט איך אַליין וועל אויך דעם דויער פון מיין זיין באַשטימען, —
ווער ס'האָט זיך ווי אַ וויעסנע־טייך פאַרטיילט,
דער טראַכט ניט פונם טויט — די פרייד פון לעבן איז זיין הימן.

אַ, הייליקער באַרוף, מיין גורל־ליד,
געבליט האָסטו מיט מיר, ווי מיט אַ פויגל זיינע פליגל,
ניט רייס זיך פלוצלונג איבער אין דער מיט,
דו, שפּיגל פון מיין טרוים, מיין חלום נאָך אין קינדער־וויגל.

און ביי דער נאַכט רייד איך אין זיך אַריין:
דו מוזט זיך אויך מיט שטיין און זון אין קרובהשאַפט פאַרוועבן,
אַזוי גראָד און ניט אַנדערש מוז עס זיין, —
איך ראַנגל זיך און זוך אַ זין אין צופאַל פון מיין לעבן.

אַ קינד האָט אויף דער אַנדער זייט געלאַכט,
איך האָב געהאָרכט, און דורך מיין איינזאַמקייט זיין פרייד געהייליקט.
איר שטערן, וועלט, דו אייביק יונגע נאַכט,
איך האָב געפייניקט זיך אין אייער סוד צו זיין באַטייליקט.

נאָר ווער עס דינט געטריי צו זיין באַרוף,
טרעט אָפּ די יונגע שניטער, וואָס אויף זיינע פוס־טריט קומען,
ער גיט דער ערד אַוועק זיין מידן גוף,
ווי ס׳גיבן זיך אַוועק דעם ווינט פאַרוועלקטע בלומען.

איצט האַלט איך נאָך מיין לייב ווי ליים געגרייט,
די וואָר די האַרבע נאָך מיין חלום גרייט צו איבערשאַפן,
נאָר ווער ניט, לעבן מיינס, פאַר מיר אַ קייט,
ווען מיינע שיפן וועלן שוין געלאָדן שטיין אין האַפן.

דריי פרילינגס פעלן מיר צו דרייסיק יאָר,
און ביי דעם מאָלצייט־טיש אין אונדזער שטוב איז האַלב שוין ליידיק, —
איז וואַרט איך אויף דעם יונגוואַלד נאָך מיין דור,
וואָס זאָל אַריינגיין אין אונדזער פענצטער הויך און פריידיק.

1937.

# אין טאָג פֿון מײַן געבוירן

טויטער טאַטע מײַנער אונטער אָפּגעמעקטן שטיין,
דיר וואָס ווײַטער ווערט אַלץ גרינגער, מיר, דײַן זון, ווערט שווערער.
אויסגעשיילט פֿון קראַנקן פֿלייש שלאָפֿט רואיק דײַן געביין,
איך ווער קראַנק פֿון טאָג אַלץ מערער.

טויטער טאַטע מײַנער אונטער אָפּגעמעקטן שטיין,
וואָס דו האָסט אומזיסט געזוכט — האָב איך נאָך ניט געפֿונען,
אַ געבראָכענער, גייט אויף אין מײַנע אויגן דאָס געוויין,
וואָס איז נאָך פֿון דיר געבליבן.

אַלע קנייטשן פון דיין פּנים און דיין מידן גאַנג
נעם איך איבער בּיסלעכווייז... און אין דעם טאָג פון מיין געבּוירן
הער איך אין אַ וואַלד, וואָס פלאַקערט אינם זון־פאַרגאַנג,
אַ פליסטערן: דו ביזט פאַרלוירן.

אַך, מיין טויטער טאַטע אונטער אָפּגעמעקטן שטיין,
קוקסט אויף מיר פון זון־פאַרגאַנג, ביז מיינע אויגן ווערן גלאַנציק,
זאָל איך וויינען פון באַדויערונג אויף זיך אַליין? —
שעם איך זיך צו ניינאונצוואַנציק.

כ׳זע דיין שאָטן קריכט אין דער געדיכטעניש אַרום,
ברעך פאַנאַנדער דאָס געצווייג, וואָס פלעכט זיך ווי אַ קראַטע;
מיט דעם וואַלד ביזטו צונויפגעוואַקסן, האָריק־שטום, —
נעם מיך אויף די אָרעמס, טאַטע.

מיד, ווי דו צו זיבּעציק, בין איך צו דרייסיק יאָר,
טאַנץ מיט מיר אין וואַלד, דערוואָרעם מיך און קוש מיר אויס די טרערן,
נעם צוריק מיך אין מיין חלום פון דער האַרטער וואָר,
איך וויל צוריק אַ יינגל ווערן.

.1939

# יהואש

לאָמיר גיין אים טרייסטן, מיינע ברידער,
זיין גוף האָט ווי אַ בראָנז-לאָמפּ אויסגעצאַנקט,
געווען איז די לבנה קראַנק אין זיינע לידער,
ווי ער אַליין געווען איז לונגען-קראַנק.
אַ בלייכער איז ער אין אַ שטיינערנעם געביי געזעסן,
אין דער מיליאָנען-שטאָט פון אַלעמען פאַרגעסן,
און ביי די לעצטע קוילן פון זיין טרוים
געוואַרעמט זיינע הענט, געהייליקט פאַר געזאַנגען, —
אַ דינער בוים,
די צווייגן מיט געבלומטן אייז
באַהאַנגען ,
אַ קינד, וואָס שמייכלט ווי אַ גרייז.
„די אַלטע פראַכט ווי זון-פאַרגאַנג אין מדבר וועל איך מאָלן,

— אלע־לאי־לי, אלע־לאי־לי"
אזוי האָט ער געזיפֿצעט ווי אַ פֿאַסטעך־פֿלייט אין טאָלן
אַ גאַנצע נאַכט... און אינדערפֿרי
האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זיין געוויין פֿאַרחידושט,
און אויסגעלייטערט אָנגעטאָן זיין כהונה־קלייד,
און אויסגעזונגען די נביאים מיטן צער פֿון יידיש,
מיט פֿראַסטן צער און שעמעוודיקער פֿרייד.
צו איידל אַנצוטרויען עמעצן זיין חלום,
האָט ער אים אָנגעטרויט אַ פֿויגל, ווייס ווי שניי,
דער פֿויגל האָט גערעדט צו זקנים אין משלים,
און ס'האָט דער דיכטער אין זיין טיפֿן וויי,
ווי אַ געפֿאַנגענער, וואָס ציילט אין קייט די רינגען,
געציילט די נעפּלען אויפֿן אָקעאַן,
אוועקגעזעגלט האָט זיין חלום־זינגען
אין יאַפּאַן...

פֿו־יען, דער צויבערמאַן,
וואָס קען דעם זאַמד אין גאָלד פֿאַרוואַנדלען,
מוז בעטלען רייז אַ שיסעלע ביים מאַנדאַרין שו־שו, —
אַ, מער פֿאַרוויגט מיך ניט דאָס ליד פֿון ראָזינקעס און מאַנדלען,
פֿאַרוויג מיך, פּערל פֿון די בלויע ימען, דו.
זיבעציק פּאַלאַצן מיט צען טויזנט שווארצע שקלאַפֿן
האָט דער טראָפֿן טוי — די מלכה יאַנג־סע־פֿו,
און אין אַ בלעטעלע האָט זי ארייינגערודערט אין מיין האַפֿן,
ליו־ליו, מיין עלנט האַרץ, ליו־ליו.

לאָמיר גיין אים טרייסטן, מיינע ברידער,
אים, וואָס האָט שוין ניט קיין טרייסט דערוואַרט,
די אַלטע פּראַכט פֿון דעם לבנון רוישט אין זיינע לידער,
אָבער ניט די קעגנוואַרט.
און אויב פֿאַר אייך איז ער אַן אויסגעברענטער שטערן,
(זיין ליכט וועט אייך דערגרייכן אין אַ צייט אַרום)
וועל איך די זעאונגען פֿון דעם פּאָעט באַשווערן,
די שאָטנס וועלן מיך באַגלייטן טריי און שטום.

אַט איז דאָס בלינדע מיידל, די פאַרקויפערן פון בלומען,
(אַז זי איז בלינד — דערקענט מען אַן איר שטים)
דער בעטלער ביי אַ קלויסטער־וואַנט, וואָס גאַט האָט צוגענומען
דעם ניגון ביי אַ רבין און אָוועקגעגעבן אים.
דער וואַסער־פירער מיטן שטריק אויף זיינע קליידער,
„גוטמאָרגן" — קען ער נאָר אַרויסשטאַמלען, דער תּם,
און אויך דאָס קינד, דערהרגעט אין דער נאַכט פון סדר,
איך נעם אויף מיינע הענט דעם קרבן פון עלילת־דם:
— קומט, עס וועט אונדז דער אוקינוס ניט פאַרשווענקען,
מיר וועלן צווישן כוואַליעס גיין, ווי צווישן קברים, —
דער דיכטער האָט אַ וועלט באַשאַפן דורך זיין בענקען,
און ווי אַ קעניג אַ פאַרטריבענער — געשטאָרבן אָרעם.

דער הודזאָן לעקט ניו־יאָרק מיט טויזנט צינגער,
און איך, פאַרפּלאָנטערט אין דער נאַכט ווי אין פאַרצוימונגען
פון דראָט —
ווו זאָל איך זוכן אין מיליאָנען־שטאָט דעם זינגער?
נאָר מיטאַמאָל לעשט אויס אַ וואָלקן־האַנט די שטאָט,
און ווי אַ טשערעדע פון ברונים נעמען שטילער גיין די כוואַליעס,
אין אַ לבנהדיקער שויב לויכט אויף אַ קאָפּ,
דער בלויער ליכט־שיין רינט פון זיינע אַקסל ווי אַ טלית,
ער בויגט זיך דורך דעם שמאָלן פענצטערל אַראָפּ,
און שטרעקט מיר אויס אַ בוך מיט סופר־טינט געשריבן,
אַ בוך, געשמידט אין זילבער, שווער און גרויס :
„שרייב! אין פּנקס איז נאָך אָרט געבליבן", —
דער קאָפּ פאַרשווינדט און די לבנה לעשט זיך אויס.
און ווייסט ווערט אַרום מיר, אויך די באַגלייטער זיינען שוין ניטאָ מער,
אַ, יעהאָוין, וווהין זאָל איך איצט גיין, וווהין?
דער ווינט טראָגט אין דער פינצטערניש אַוועק מיין יאָמער,
אַ, יעהאָוין, אַ, יעהאָוין...

צום 10־טן יאָרצייט פון יהואש.

.1937

# ערשטער מאי

צעעפנט די הערצער, ווי אונטערן פלוג עפנט אויף זיך די ערד,
ווי שטאָט פראַלט פאַנאַנדער די פענצטער אין וויאָסנע, —
מיר האָבן דעם אָנקום פון פרילינג אין אונדזערע אָרעמס דערהערט,
און הויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ ווי די קרוין פון א סאָסנע.

די הענט אויפגעהויבן באַגריסן מיר אַלע די זון,
ווי דער וואַלד דעם פאַרטאָג מיט אַ הימן פון צווייגן.
געפלאַקער פון פענער, אַ הימן צו זון —אונדזער זון!
גיי אויף איבער אונדז אין דיין הייליקן גליאיקן שווייגן.

געפלאַטער פון פענער, אַ טשאַטע פון פייגל אין זון,
אין כוואַליעס אין ברייטע פון ליכט און פון האָפן,
גייט רואיק אַ ים איינגעשלאָסן אין שטיין און טשוהון:
— מיר וועלן דעם אויפגאַנג פון זון ניט פאַרשלאָפן.

מיר הערן דעם אָפּהילך פון לאַנג שוין פאַרקלונגענע טריט —
פון יענע, וואָס זיינען די ערשטע געגאַנגען;
מיר גייען און נעמען די וועלט מיט זיך מיט —
געפלאַקער פון פענער אין זון און געזאַנגען.

.1937

# די גאַסן ביינאַכט

## א.

די גאַסן זיינען הונגעריקע אָנגעשפּרונגען,
באַגעגנט זיך ווי וועלף ביי אונדזער טויער,
דער קלויסטער האָט די שעה די צוועלפטע אויסגעקלונגען,
און מיטן קרייץ אין וואָלקנס איינגעבויערט —
האָט ער געהאָרכט, ווי גאַסן האָבן אויסגעזונגען
דאָס ליד פון בונט, פון האָפענונג און טרויער.

די הקדש-גאַס פון פיבער האָט אַרויסגעיאָמערט:
— איך שלעף די נאַכט אין שטיינערדיקן ארון,
אין מתים-שטוב אפילו איז קיין אָרט ניטאָ מער —
און איך האָב אין דעם פלאָנטער זיך פאַרלאָרן;
אָ, ברידער, אין דער ענגשאַפט, אין דער שוואַרצער, לאָמיר
אַ רים טאָן זיך פון קלעם מיט קראַפט און צאָרן!

דאָס טרעגער-געסל לויפט — צו הילף דעם הקדש קומען!
האָט יאַטקע-גאַס דעם וועג איר אָפּגעשניטן
מיט אַ לבנהדיקן שינד-מעסער אַ קרומען,
און בלייבט פאַרגליווערט אין געלויף אינמיטן.
זי שטומט געהיים און אַלע לאַבירינטן שטומען —
זיי ווילן עפּעס אין דער נאַכט דערהיטן.

דער לאָמפּ אַריינגעשרויפט אין חושך פונם הימל,
פאַרסודעט ווינקט זיך איבער מיט די ראָגן,
ווי קאַטאָרזשניקעס אָפּגעגאָלט, געפלעקט פון שימל,
די הייזער וואַרטן אויפן אָנהויב טאָגן,
דער ראָג האָט אויך פאַרמאַכט זיין אויג און איינגעדרימלט,
די קעלערן פאַרטייען זייער קלאָגן.

## ב.

די הויפן האָבן פון דער פינצטער זיך געבראָכן,
גערביידעס האָבן זיך אַרויסגעביסן,
ס'האָט אַ באַלקאָן ביי איינעם, ביי אַ צווייטן שכן
אַריינגעקוקט — געוואָלט זיך וואָס דערוויסן;
אַ טרעפּ איז אויף די הוילע ווענט אַרויפגעקראָכן,
ווי ער וואָלט פון אַ שרפה זיך געריסן.

האָט אָפּגעפּלייצט די נאַכט אין שוויים און טרערן.
פון אַלע וועלבונגען, פּאַרטיפונגען און לעכער
צעקוועטשט אין דער בהלה וואַסער־רערן,
געוואָרגן זיך אָן לופט און זיך געדראַפּעט העכער,
און ניט געוווסט צו וועמען זיי געהערן,
פאַרפּלאָנטערט האָבן זיך די בוידעמער, די דעכער,

און ניט צו וויסן אין דער פּלאָנטערניש פון וואַנען,
האָט פּלוצלונג אַ געזאַנג גענומען שטייגן, —
מיט אימפּעטיקער קראַפט פון הונדערט טויזנט שפּאַנען
אַריינגעפּלייצט אין אָנגעשפּאַנטן שווייגן;
געשאַלט פון ערגעץ ניט, פון דאָרטן און פון דאַנען,
ווי דאָס געזאַנג פון פייגל אין די צווייגן.

די געסעלעך פון אויסגעלאָשענער קבלה,
די קעלערן און צוגעמאַכטע קראָמען,
וואָס האָבן אין געהיים געשטיקט זיך מיט יללה,
אַ שפּאַר געגעבן האָבן איצט ווי שטראָמען, —
אַ ציטער האָט געטאָן די שטאָט פאַר דער קראָמאַלע,
וואָס האָט אויסגעדונערט פון די תהומען.

## .ג

אַ טויער גיט אַ סקריפּ, אַ שיפּע טוט דער זשאַווער,
וויִ עמעץ אויף אַ שלאַנג וואָלט אַנגעטראָטן, —
אַ חבר טאַפּט אַרום אין טונקלעניש זיין חבר,
מיט ליבשאַפט טאַפּן זיך אַרום די שאָטנס.
און עפּעס אומרואיק אַ פלאַטער טוט אין אויר,
צעקלינגען זיך די טעלעגראַפן־דראָטן.

ווען ס'וועט די אָרעמקייט אַרויסקריכן פרימאָרגן,
דאַן וועט אַ פאָן אַ רויטע, ווי אַ פייגל,
אויף דראָטן הוידען זיך... און וועקן פון די זאָרגן
די האָפענונג, וואָס ליגט צונויפגעבייגלט, —
ווי אין אַ וואַלד, פון אַלעמען פאַרבאָרגן,
אַ ליכטיק וואַסערל וואָלט בלוי געאייגלט.

די יונגען — ווער פון תפיסה, ווער — פון דער גאַרבאַרניע,
זיי זיינען האַרט־געשמידטע אין נסיון,
די אויגן — פלאַקערן, די שטערנס דראָען כמאַרנע,
ביים יינגסטן אָבער נאָך די אויגן בלאָען, —
און איבער אים זיין מאַמע ציטערט... ווי אַ סאַרנע
גייט נאָך איר קינד און שמעקט די ראָזע טלאָען.

עס ווערט אין פינצטערניש זיין וועג פאַר אים אַלץ קלאָרער,
סכנה פירט אים צו דעם טאָג דעם העלן,
דאָך לויפט אים נאָך די אימה... אויף דער וועלט דער גאָרער
וועט קיינער זי ניט טרייסטן אין איר עלנט, —
נאָר ער פאַרשווינדט אין איינעם מיט די אַרבעטאָרער,
צעטראָגן ווי אַ פייער — די באַפעלן.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

דער זון געגאַנגען איז אַהיים — אַ קאָפּ אַ גרויער
אַ פּלאַטער האָט געטאָן צו אים אַנטקעגן ;
זיין מאַמע שטייט ווי .אין דער וואַנט פאַרמויערט — — —
איר בליק האָט ניט געלאָזט אים איבערפרעגן ;
זי האָט אים אָפּגעוואַרט אַ גאַנצע נאַכט אין טויער,
און גלייך ווי דעם באַגינען — אים באַגעגנט...

·1937

# אַ פֿייגלשע נעסט

ווי אַ וועלפּיכע גראָבט אין איר הרובער נאָרע און שמעקט,
זוך איך דעם שפּור פֿון מיין חבֿר, וואָס איז הינטער קראַטעס אַוועק;
מיין חבֿר פֿון קינדווייז — אַ האַנט אין אַ האַנט, ווי אַ טיר ביי אַ טיר,
אַוועק איז אין תּפֿיסה, אַזוי ווי זיין טאַטע אַמאָל אין סיביר.

איז גרוימער אין שטיבל געוואָרן און שטיל — אַ פֿאַרחלשטע רו,
ווי נאָך אַ שלאַכט אין אַקאָפּ, ווען מען נעמט די פֿאַרוווּנדעטע צו. —
דער טאַטע, דער סטאָליער, האָט טיפֿער זיין קאָפּ אָנגעבויגן צום ברעט,
און מיטגעוויינט האָט מיט דער מאַמען דער לאָמפּ ביז אין נאַכט
אַריין שפּעט.

אַלע וועגן און אומוועגן פֿירן אַצינד צו דער פֿאָן,
אַ מאַמעס אַ האַרץ איז אַ פֿייגלשע נעסט — זי דערפֿילט, עס קומט אָן
אַ שטורעם, וואָס כאַפּט אין זיין ווירבל אַריין אירע טעכטער און זין,
ווי עס פֿאַרכאַפּט אַ פּאָר פֿינגער און אָפּטמאָל אַן אָרעם די ראָד פֿון
מאַשין.

ס׳האָט די שוועסטער פֿאַרנומען דאָס בעט פֿונם יונג ביי דער וואַנט,
זי ליגט אין די נעכט פֿון פֿאַר פֿרילינג, עם בלויט און זי אַנט
די אומרו פֿון מאַי אויסגעמישט מיט צעאַקערטן פֿעלדער-געדוך, —
ביז זי האָט אַמאָל אין באַגינען פֿאַרוואָרפֿן אויף דראָטן אַ טוך.

אַ טוך אויסגעהאַפּטן מיט גילדענע אותיות אין זון האָט געברענט,
געברענט האָבן שלעסער מיט שטאָלענע קלאַמערס אויף מיידלשע הענט, —
ביי אונדז, אַז אַ חבר קומט אום, הויבט מען העכער די פֿאָן,
ביינאַכט צינדן אונדזערע אויגן נאָך העלער זיך אָן.

צוויי בלאָנדע קעפּ — און אינדרויסן פֿון קראַטע אַ פֿרוי,
און קומט זי אַהיים אַ פֿאַרקלעמטע, געבויגן און גרוי,
דערזעט זי איר ייִנגל, וואָס וואַרפֿט זיינע טעג ווי די פּילקע אין שפּיל,
באַגעגנט זי היינט אַ דערוואַקסענער, ערנסט און שטיל.

.1936

# מיר גראָבן

מיר גראָבן, מיר גראָבן ביי־טאָג און ביינאַכט נאָכאַנאַנד,
מיר וועלן זיך צו די צעמענטענע גרונטן דערגראָבן, —
אַן ענטפער דעם חבר אַ הינטער די קראַטעס אין גרויען געוואַנט,
וואָס האָט שוין זיין הויט פון די הענט מיט די ציין אָפּגעשאָבן.

אונדזער גאַס איז ניט איינמאָל אַרויס מיט געזאַנג קעגן בליי,
זינט מען האָט אין דער תפיסה פאַרשפאַרט אונדזער חבר,
דער גרוס, וואָס עס קומט פון דער תפיסה צו אונדז אויף דער פריי,
דערציילט פון געראַנגל און הונגער און אייזערנעם זשאַווער.

פאַרעקשנט געבליבן איז ער הינטער צוימען פון דראָט,
קלאָר אין זיין גלויבן און האַס צו די זאַטע ! —
נאָר אָנשטאָט אַ פויגל — געמוזט האָט ער ווערן אַ קראָט,
און ניט אויסגעמיטן די אייזערנע קראַטע.

ניט איינער האָט מיד שוין פון שטרייט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט,
נאָר ער, אויך אין צעל, קען איין רגע אָן קאַמף ניט פאַרגעסן,
ער פאָרשט אין די אויגן פון וועכטער, אַזוי ווי אַ הונט שמעקט אַ מאָרד,
דעם גאַנג פון דער צייט און דעם אָטעם פון הייסע מעת־לעתן.

געטריי איז ער זיך ! ווייל אַ לייב בלייבט אַ לייב אויך אין שטייג.
אים ציט צום געראַנגל — און זעט נאָר אַ נאַקעטע וואַנט קעגנאיבער.
מיר שאַרפן דעם האַס ווי ביים וואַרשטאַט די טעמפּע געצייג,
עס שאַלט — און מיר שפּרינגען אַרויס פון די גריבער.

.1937

# אין פייער פון פאַרטאָג

איך גראָב זיך פון דער נאַכט אַרויס מיט אַ פאַרשטאַרט געזיכט,
ווי פון אַ תפיסה-קעלער,
אויף מיינע בלייכע פינגער ציטערט שוין דאָס ליכט,
און העלער ווערט, אַלץ העלער.
מיין פנים צו דעם מזרח איז געווענדט,
וו ס׳בייטן זיך קאָלירן און ס׳פרימאָרגנט,
אין מיינע האָר שוין דער באַגינען ברענט,
נאָר ביז דעם האַלדז איך ליג נאָך אין דער נאַכט פאַרבאָרגן.

דער קאָפּ אין פייער פון פאַרטאָג —
דער גוף אין שאָטנס צאַפּלט אויף און חלומט ווידער ;
איך בין ווי דער באַגנעדיקטער, וואָס טראָגט
דעם גרויל פון טויט נאָך לאַנג אין זיינע גלידער.

איך ליג צום אָפּגרונט צוגעשמידט,
און האָרך אַן אונטערערדישן געזאַנג,
איך ציטער און גיי מיט
מיין פריערדיקן חלומדיקן גאַנג :
שווערע קייטן קלינגען,
שטרענגע אָנגערוקטע שטערנס, רייען הינטער רייען,
און זיי זינגען, זינגען, זינגען
צום טאַקט פון די געשמידטע פוס-טריט אין די שנייען.
ניט קיין קלאָג-ליד אויפן מזל אויפן ביטערן,
ניט קיין רחמים-ליד און קיין געוויין —
אַ ליד פון הערצער אויסגעפּרוווטע אין געוויטערן,
האַרט און אומדערבאַרעמדיק צו זיך אַליין.
זיי גייען — און צום קלאַנג פון די צעוויגטע קייטן
כוואַליעט ברייט און רואיק זייער ליד,
ס'זעט איטלעכער זיין גלויבן אינם פּנים פונם צווייטן —
זינג איך און גיי מיט.

עס האָט די זון שוין מיינע אַקסל אָנגעצונדן,
און ביז צו מיינע לענדן גרייכט איר שיין,
נאָר איך, וואָס בין צום ראַנד פון תהום געבונדן,
קוק טיפער נאָך אין תהום אַריין.
איך זע די ברידער מיינע, ווי זיי בלוטן
אין אַ צעגליטן מדבר אין גהינום-היץ,
זיי זינגען אונטער פייפעריי פון קנוטן,
געלעכטער גרויזאַמען און ציין-געקריץ :
—פאַנגט אָן דאָס ליד פון אָנהויב אַלע מיטאַמאָל,
זינגט, ווי מיר באַפעלן אייך — פאַרפלוכטע העצער !
הינט, איר זינגט דאָך אונדזער שבועה מיט אַ קול
ווי אייערע מרידה-לידער אויף די פּלעצער.
איר פרעסט שוין מיסט, איר קאָרטשעט זיך אין דרייען,
און ווערט פון טאָג פאַרביסענער און שלעכטער...
טרעט זיי מיט די שטיוול ! לאָמיר הערן, ווי זיי שרייען,
ווי זיי רופן דאָס געזעץ אַנטקעגן וועבטער.

לויפט! און גלייך צוריק אין צוויי מינוט — — —
געלאָף, די בייטשן פייפן,
עס פּילט שוין איינער אין זיין לייב דעם קנוט,
זיין הויט נעמט פאַרבן זיך אין שטרייפן,
ער זינקט... אַ צווייטער כאַפּט אים אונטער אין גאַלאָפּ,
און פאַלט אַליין ווי אַ פאַרכראַפּעטע פערד,
און מיט אַ פלאַקערדיקן קאָפּ
גראָבט ער אין דער ערד.
שפּאַרט אונטער זיך דער ערשטער אויף זיין עלנבויגן,
און קריכט... ווי ער וואָלט וועלן אָפּגעבן זיין לייב זיין חבר;
ער קוקט אויף אים מיט הייסע אויגן,
און ס׳מישט צונויף זיך זייער בלוט און גאַווער.

און ס׳האָט דאָס בלוט געקאָכט, געקאָכט — און אויסגעבלוטיקט
אַ תליה אויף אַ תפיסה־הויף,
און איך אַדורך די זעאונגען פון פיין דערמוטיקט,
בין אויף די טרעפּ אַרויף.
די זון האָט מיט איר גינגאָלד מיך באַקרוינט,
נאָר ס׳האָט מיין האַרץ געוויינט: איך מוז נאָך יחוד האָבן
צו ווערן מיט דעם טויט געוווינט
און מיט דער גרוב, ווו איך וועל זיין באַגראָבן...
— מיין האַרץ, פול אייביקייט און טויט,
דער טאָג דער נייער טאָר קיין מאָרד־שפּור ניט געפינען,
און דאָ אַ תליה אויף דעם הימל־גרונט — — —
דער תליון קען דאָס לעבן דיר ניט שענקען,
נאָר די חברים דיינע וועלן דעם באַגינען
אויף אייביק פאַרגעדענקען.
אָ, זע, די זון גייט אויף אין שלייף פון שטריק,
דער קבר רופט, דו זאָלסט זיך ניט פאַרזאַמען,
הויב אויף צו דער גערעכטער זון דיין בליק — — —

און איך בין אויף אין די פאַרטאָגעדיקע פלאַמען.

.1937

# שפּאַניע

„שפּאַניע״ וועל איך אָנרופן מיין זון,
אויב עס וועט מיין ווייב אַ זון געבאָרן,
צום אָנדענק פון דעם חורבן אין אירון,
צום אָנדענק פון מיין טרויער און מיין צאָרן.

„שפּאַניע״ — וועל איך אים אַ נאָמען געבן,
אויב איך וועל נאָך האָבן מוט אַ זון דער וועלט צו ברענגען, —
מיר האָבן סעבאַסטיאַן דעם שונא אָפּגעגעבן,
אויף די ביימער פון דער ריטער־שטאָט טאָלעדאָ הענגען
שקיעות און גאָלדהאָריקע מאַראַנצן —
און אַרבעטער,
זיי בלוטן אויפן ברוק אין רויטע קראַנצן,
אויסגעלייגטע פון מאַשין־געווער.

מיר האָבן איינגעוואָרעמטע געוואָרקעט אין די נעסטן, —
אין וייטן וואַלד האָט דאָס געצווייג פאַרוואַנדלט זיך אין בליצן:
— אַבי דאָס פייער וועט זיך ניט אויף אונדז פאַרמעסטן —
האָבן מיר געטרייסט זיך אויף די ביימער־שפּיצן.

ס׳איז אונדזער גאָט און אמת בלויז אַ בילד —
אַ בילד אין הארטן ווייסן שטיין אַריינגעשטורעמט,
די שוואַרצאַפּלען מיט מאַרמאָר אָנגעפּילט,
אַ טויבער אין זיין קאַלטער פּראַכט צו אונדזערע יסורים.

מיר האָבן אונדזער גלויבן אין אַ זייל אַרייַנגעהאַמערט,
און באַהאַלטן זיך אַהינטער אים ;
איצטער האָט ער אונדז מיט טויטע הענט אַרומגעקלאַמערט,
אַ בלינדער אין זיין שמייכל... און אַ נביא — אָן אַ שטים.

אין רויט פֿון אונדזערע געזיכטער ווערט די זון פֿאַרטונקלט אויך —
אונדזערע געזיכטער פֿון נצחון רויט און אָנגעשוואָלן.
עס וועט אונדז אויסעסן די אויגן דער קאַנאָנען־רויך ! —
מיר האָבן זיך מיט פֿאַלשער פֿרייד די פּנימער באַמאָלן.
די שרעק האָט אונדז געמאַכט געמיין,
דאָס גליק, דאָס אויסגעטראַכטע — פֿויל,
מיר שיקן פֿאַר די קעמפֿער — רייד, פֿאַר די געפֿאַלענע — געוויין,
ווען יעדער טראָגט פֿון זיי אין זיין צעהאַקטן מויל
די האָפֿענונג, ווי אַ געיאָגטע חיה אירע קינדער,
און ווערט זיך מיט די נעגל און מיט ציין
אַנטקעגן אונטערצינדער.
און מיר — מיר ווערן ניט פֿון שאַנד פֿאַרברענט,
און ס׳רייסן זיך ניט אָפּ אין אונדז די מאַרך־געהירן,
ווען מיר זעען — מיט געשמידטע הענט
יונגע שפּאַניער צו דער תליה פֿירן.

חברים, לאָמיר זיך צעזעצן אין אַ ראָד,
ווי האָלץ־העקער אַרום אַ פֿייער, איינגעבראָכענע און מיד,
און לאָמיר אָפּוואַרטן דאָס פֿאַלן פֿון דער לעצטער שטאָט —
דאָס פֿאַלן פֿון דער לעצטער שטאָט מאַדריד.

(געשריבן אין טאָג, ווען טאָלעדאָ איז געפֿאַלן).

1936.

# חברים

דעם אָנדענק פון לייב גערמאַניסקי
און מיכאל נאַטיש.

## א.

זיי האָבן איניינעם אויף טונקעלע שטרעקעס געבליט,
חברים פון קינדווייז — דאָך פרעמד אין געדאַנק און געמיט;
זיי פלעגן זיך איינער דעם צווייטן אין פנים באַטראַכטן,
וויביימער אין וואַלד אין די קופּערנע רויטע פאַרנאַכטן.

צוויי באָרוועסע קינדער — און כאַטקעס פון ליים און פון שטרוי,
צוויי מאָגערע יונגען — און שטעטלשער עלנט און גרוי,
זיי זיינען אַזוי איינער קעגן דעם צווייטן געשטאַנען,
ווי ליכט־פענער, איידער זיי האָרכן דעם אָנקום פון באַנען.

זיי פלעגן צוזאַמען אַרויס אויפן באַן־וועג אין פעלד,
און יעדער פון זיי האָט געשפּרייזט אויף אַ רעלס אין דער וועלט,
געשפּרייזט האָבן ביידע אַנטקעגן אַ זוניקן חלום,
דאָך איינער רעדט שטענדיק פון קריג און דער צווייטער פון שלום.

זיי האָבן אויף נאַקעטע פעלדער געשפּרייזט זאַלבעצווייט,
ווי זיי וואָלטן ברויט פאַר דעם פרילינג דעם נייעם פאַרזייט.
ס'איז איינער ווי אונדזער פאַרוואָלקנטער הימל — אַ דיכטער,
דער צווייטער, אַזוי ווי די ליטווישע ערד, האַרט און ניכטער,

און ער איז אַ פלאַקער געווען פאַר די דערפער פון קאַנט, —
מען האָט אים געכאַפּט... האָט דער דיכטער אים טריי נאָכגעשפּאַנט.
און שפּעטער געבראַכט האָט דער פוילישער אָדלער אַ בריוול :
„געשטאָרבן. מיר שיקן אייך אָפּ זיינע וועש, און די שטיוול".

## ב.

איך האָב ביי דיין אָנדענק אַ שבועה געגעבן,
איך שווער ביי דעם פּיין, וואָס ברענט אוים מיינע טרערן
אַז דאָס, וואָס מיך האָט ניט געלערנט דיין לעבן,
האָב איך דורך דיין טויט אין גוראַנגל געלערנט.

אָט דאָ אויף דעם מאַרק־פּלאַץ מיר זיינען געשטאַנען
ביי די זעלבע פאַרשימלטע אַלטע סטראַגאַנעס,
מיר האָבן געלאָזט אין די ווייטן זיך שפּאַנען,
נאָר ס׳האָבן פאַרצוימט אונדז צעפּוילטע פּאַרקאַנעס.

איצט שטיי איך אַליין אויף דעם רעגן אין שטעטל,
איך ווער פון דעם האַרבסטיקן שטורעם געשאָבן,
ווי איך וואָלט געוועזן אַ שוואַרץ־ראַמיק צעטל,
וואָס הענגט נאָך, ווען ס׳איז שוין דער טויטער באַגראָבן...

מיין ליבשאַפט געהערט דיר אַליין נאָר, אַליין נאָר,
אין קאַמף אָבער וועט דיך אַ צווייטער פאַרבייטן,
און כאָטש ווו עס ליגט דיין געביין ווייסט ניט קיינער,
דיין קבר וואַקסט אוים ווי אַ באַרג פון דער ווייטן.

נאָר ווו זאָל איך, ווו פון מיין עלנט אַנטלויפן ?
די באַן־רעלסן גייען דורך מיינע געהירן,
און אַלע וואַגאָנען און רעדער און שרויפן
ביינאַכט דורך מיין מאַרך צו דיין אומקום מיך פירן...

## ג.

געבליט האָט איין פרילינג, איין האַרבסט האָט געזשאַווערט,
זינט טויט האָט צעשיידט די חברים די צוויי, —
איצט האָט ער אַ שניי־קלייד געוועבט פאַר זיין חבר,
דער טויט האָט געוואָלט איצט פאַרייניקן זיי.
בלוט אויפן פרילינג־גרין, בלוט אויפן שניי.

דעם ערשטן באַפאַלן דער טויט איז מיט שטורעם —
דער פוילישער אָדלער מיט ווילדן געשריי ;
דעם דיכטער געפּייניקט האָט ער מיט יסורים,
און שפּעטער פאַמעלעך דערלייזט אים פון זיי.
בלוט אויפן פרילינג־גרין, בלוט אויפן שניי.

ער איז אויף אַ ווייסן געלעגער געלעגן,
געזען דורכן פענצטער דעם ווירבל־געדריי
פון שניי, וואָס פאַרציט אַלעביימער און וועגן,
און ער האָט געשמייכלט מיט פראָסטיקן ווי.
בלוט אויפן פרילינג־גרין, בלוט אויפן שניי.

„מיין האַרץ האָט געקענט מיט געזאַנגען בלויז דינען,
אַצינד וועלן שטאַרקערע קומען אין ריי.
די שטים פון דיין קבר אין בלויען באַגינען
און מיינע געזאַנגען פאַרבלייבן מיט זיי״.
בלוט אויפן פרילינג־גרין, בלוט אויפן שניי.

און ער האָט אין טויט ווי אַ קינד איינגעדרימלט,
צעוואָרפן די אָרעמס: אָט גיי איך, איך גיי — — —
ווייל ער האָט דערזען אינם שנייען־געווימל
אַ ליכט־זייל, וואָס פירן וועט אים אין זאַווי.
בלוט אויפן פרילינג־גרין, בלוט אויפן שניי.

.1937

# אויפֿן קבר פֿון אַ פּאָעט

פּאָעטן, ברידער אין געמיט און אין געזאַנג,
לויטער ווי דער שניי־טאָג און אין ווייסן אָנגעצויגן
זיין ארון טראָגן מיר אַריין אין זון־פֿאַרגאַנג,
זאָל אויפֿלויכטן זיין ליכט אין אונדזערע פֿאַרוויינטע אויגן.

דיין ליד, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן אין דער מיט,
טראָגט איצט דער פֿויגל איבער די פֿאַרשנייטע גריבער,
מיר נעמען דיך אין אונדזער האַרצן מיט, —
דיין קבר לאָזן מיר דעם הימל איבער.

דער ווינטערדיקער ערד — דיין אויסגעברענטן גוף,
און מיר אבלים טיילן זיך פֿאַנאַנדער,
ווי אויף דער טרויער־סעודה מיט אַ ברויט — מיט דיין באַרוף,
פֿאַר איטלעכן אַ חלום אויף זיין וואַנדער.

ווי ערשטער שניי, וואָס קווועלט אויף באַרג און טאָל,
איז צאַרט און שטיל געווען דיין העלער ניגון, —
איצט זוכט דיין ליד דיך מיט אַ יאָמערלעכן קול,
און ווי אַ הונט פאַרבלייבט עס אויף דיין קבר ליגן.

ביי דיין געזאַנג געציטערט האָט דער טאָג־שיין ווי אַ האַרף,
דו האָסט זיך אין דיין בענקשאַפט פון דער וואָר באַהאַלטן,
נאָר דיין באַוווסטזיין איז געווען אַ בלאַנקער שאַרף, —
דעם חלף־שאַרף האָסטו אַליין אין האַנט געהאַלטן.

אָ, דורכזיכטיק באַוווסטזיין — אומהיימלעכע פּיין ,
דאָס אייגענע פאַרגיין פאַרמשפּט צו דערקענען,
דאָך ווייסן: קיין זאַך וועט ניט אַנדערש זיין,
און אַז דיין שמאָלער גוף מוז ווי אַ ליכט דערברענען.

די זון האָט אויף דיין קבר אויפגעשיינט,
דער ווינט האָט אין די ביימער אויפגעהערט צו קלאָגן,
די שטומע ביימער בלייבן דיינע פריינט,
זיי וועלן אונדזער ניט דערזאָגטן ווייטיק דיר דערזאָגן.

דיין קבר שטומט. די מיטה יאָמערט פּוסט.
דיין אָפּבילד וועט, ווי אין אַ וואַסער־שפּיגל שטערן,
באַשטענדיק שימערן אין אונדזער ברוסט,
און אונדזער ליד וועט שטענדיק ציטערן פון טרערן.

.1937

# ווער וועט זיין דער דריטער?

דעם אָנדענק פון אהרן מאַרק
און מיכאל נאַטיש.

צוויי קברים בליען אויפן שניי,
און ווי אבלים איינער אינם צווייטנס אָרעמס וויינען ביטער,
ציטערן צוויי בוימער איבער זיי, —
און איך ווי אַ באַשולדיקטער,
פרעג זיך אַ געדולדיקער: —
ווער וועט זיין דער דריטער?

דער שניי אָן אויפהער שיט און שיט,
און דעקט מיט רחמים צו די נאַקעטע פאַרדאַרטע ריטער,
צוויי קברים האָבן אויפן שניי־פעלד אויפגעבליט, —
און איך ווי אַ נישט־דאַיקער,
בויג זיך אַ הכנעהקער: —
ווער וועט זיין דער דריטער?

איר פריינט, פאַרשניטענע אין מיטן בלי,
אין אייער פרילינג האָט איר שוין געבלוטיקט פאַרן שניטער,
איך טוליע זיך צו אייך מיט מידע קני,
פון וואַרטן אַ פאַרמאַטערטער,
פון טויט־שרעק אַ צעפלאַטערטער : —
ווער וועט זיין דער דריטער ?

דאָס לעבן האָט צעשיידט אייך אָפּט,
געהאַט האָט איר איין טרוים, איין גורל און געביטער,
ס'האָט יעדער אויף דער אויסלייזונג געהאָפּט.
מיט דער זעלבער האָפענונג
זייט איר איינגעשלאָפן יונג —
ווער וועט זיין דער דריטער ?

איך רוף אייך ניט ביים נאָמען אָן,
צווישן אייך איך גליווער ווי אין אייז אַן איינגעשמידטער.
איר רוט אָפּ שטיל אין ווייסן אַנגעטאָן,
און פילט שוין מער קיין אימה נישט,
ווי איך, פאַר דער געהיימעניש : —
ווער וועט זיין דער דריטער ?

.1939

# ברודער מיינער אין געפאַר

דער באַרג-שפּיץ ציט זיך אויסגעבענקט צום בלאָ,
אַ שאָטן טונקלט אויפן שניי — צום הימל קלעטערט,
אַרויף! דאָרט וועל איך אָפּוואַרטן די שעה
פון אויפבלי און וועל רוישן ווי אַ בוים צעבלעטערט.

ס'איז שרייאיק ווי דער שטורעם-ווינט און שטום אַזוי מיין לשון,
געזוכט האָב איך דערלייזונג אין געזאַנג;
אין לעבן האָט מיין מוט זיך אויסגעלאָשן,
געלעבט האָב איך אין ליד, ווי אין אַ טייך — דער זון-פאַרגאַנג.

און בין געבליבן בלויז ביי פערזן ווי אַ בלינדער,
וואָס ציילט קאָרעלן שוואַרצע אויף אַ שנור אין זיינע הענט ;
ווי ס'בלייבן טאַטע-מאַמען פון די קינדער,
וואָס זיינען זיך צעפאָרן, — בילדער אויף די ווענט.

דער אָפּגרונט טיפער איז אין טרוים ווי אויף דער וואָר,
אין חלום בין איך שווער געפאַלן אין דער נידער, —
האָב איך אַרויסגעביסן זיך פון חלום צו מיין דור,
כאָטש דאָס פאַרגאַנגענע איז בליי אויף מיינע גלידער.

דער אָטעם — מילך, דאָס פּנים פלאַמט, עס בלענדט דער שניי,
וועך קומט עס פון דער צווייטער באַרג-זייט מיר אַנטקעגן ?
מיר וואַרפן זיך ווי שטריק אַריבער אונדזער פריידגעשריי —
צוויי אָפּגרונטיקע הערצער האָבן אין די הויכן זיך באַגעגנט.

אָ, ברודער מיינער אין געפאַר, דערלאַנג דיין אָרעם,
און לאָמיר זיין אַן אָנשפּאַר איינער פאַרן אַנדערן,
אין איינזאַמקייט איז גוט זיך אויסוויינען אויף קברים,
צום ציל מוז מענטש מיט מענטש אינייינעם וואַנדערן.

דער שניי-טאָג האָט אין אונדזער לייב אַריינגעבלויט,
און גיסט אַן אונדזער בלוט מיט פראָסט און כוח, —
מיר האָבן אונדזער האָפענונג די בערג פאַרטרויט,
און אונדזערע געשפּאַנטע אָרעמס גלייך ווי פליגל טרוי איך.

מיר האַלטן אונטער דעם געוועלבטן הימל מיט די הענט,
דער טונקל זאָל אים מיטן אָפּגרונט ניט צוזאַמענגיסן,
און ס'קוקט די שקיעה אויף דער ערד, ווי זי וואָלט ניט דערקענט
דאָס פייערשטיק, וואָס האָט פון איר אַמאָל זיך אָפּגעריסן.

.1937

# אויף ווייס־רוסישע וועגן

העי, עס שלעפּט זיך אום אַ פּויער
איבער אומעטיקע וועגן, —
וויל ער אָפּטרייסלען זיין טרויער,
ווי אַ בוים דעם טריבן רעגן.

זיצט אַ פּויערטע אַ דאַרע
אינם שטרוי־פאַרפּוילטן וואָגן,
ס'יאָגט זיי נאָך אַ שוואַרצע כמאַרע —
זי וועט זיי אַריבעריאָגן.

ווי אַ גרויאינקע וואַראָנע,
זיצט די פּויערטע אין וועגל,
און די הייליקע איקאָנע
האַלט זי אין די שוואַרצע נעגל.

האַלט די פויערטע די מאַטקע,
און דער פויער — האַלץ אַ שייטל;
ניט קיין ערד און ניט קיין כאַטקע,
ניט קיין גראָשן געלט אין בייטל.

ווי דאָס פערד וואַלט אויך געכליפּעט,
טרייסלט זיך זיין פעל די דינע,
ס'טרויערן ביים וועג די ליפּעס,
און עס טרערט די קאַנעשינע.

ס'האָט דער הימל צוגעטוליעט
אַ פאַריינזאַמטע בעריאָזקע,
ווי דער בעטלער אויף דער קוליע
טוליעט צו די מאַטקע-באָזקע.

שטייט אַ מאָך-באַדעקטער צלם
אויפן מיטן פון די וועגן, —
בלייבט די פויערטע פאַרגולמט
דורכגעווייקט פון טריבן רעגן.

ס'האָט דאָס אַלטע פערד, דאָס סיווע,
מיד דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, —
בלייבט דער פויער אויך פאַרגליווערט
מיט אַרויסגעגלאָצטע אויגן.

.1936

# צווישן ווילנע און רעקוין

צווישן ווילנע, דער שטיינערנער שטאָט, און דעם מאָכיקן דערפל
רעקוין,
ליגט ביי דעם וועג, ווי אַ קו אויף אַ לאָנקע, אַ ישוב,
שטייט דאָרט אַ שטיינערנע שטול און אויף איר האָט אַ גילדענע
קרוין
ווייס-רוסישער שטילער פאַרנאַכט אויסגעכישופט.

ס'איז די שטיינערנע שטול פון פּאָעט סעראָקאָמלאַ...די גילדענע
קרוין
פינקלט אין מידע פאַרנאַכטן און בלויע פאַרטאָגן;
פאַרשווינדן די ראַדיאָ-אַנטענעס פון ווילנע און ווינקט שוין רעקוין,
דערזע איך דעם דיכטער פאַרבייגיין מיין וואָגן.

פאַרקערעוועט טיפער דער פויער אין זאַמד און מיר גראָבן פאַרביי:
— שטיל, וועקט ניט אויף דעם פאַרנאַכט און זיין טרוימער.
איך ווייס ניט, ווער גייט עס אַרום ביי דעם וואַלד-ברעג — דער מאַי,
צי דער פּאָעט סעראָקאָמלאַ צעווישן די בוימער?

דער האָריקער פויער, וואָס איז ווי אַ נאָדל-בוים שטעכיק און גרין,
צלמט זיך — און אויף זיין פּנים דער צלם בלייבט איבער;
ער ווענדט זיינע רויט-אָנגעצונדענע אויגן אַהין,
וווּ ס'גאָלדיקט אַ צלם ניט ווייט פון די דאָרפישע שטיבער.

ביי דעם שטיינערנעם טראָן, דעם באַקרוינטן מיט שקיעה און רום,
קלעטערט אַ קרייץ אויף אַ קבר פאַרצוימט מיט שטאַכעטן,
דער פויער דערציילט מיר אַ מעשה פאַרטרויערט און פרום,
און בעט אוים די וועגן מיט מעשה און אָוונט-געבעטן:

— דו זעסט דאָרט צווישן די כאַטעס, וואָס רוקן אַרוים זיך צום וועג —
דאָ האָבן צוויי ברידער געוווינט און אַ מאַמע — אַ גרויע אלמנה;
איז איינער דערהרגעט, דער צווייטער אין תפיסה אוועק,
די מאַמע אַראָפּגעלאָזט האָט אירע הענט, ווי די פליגל אַ נאַסע וואָראָנע.

אַ, גאָט, ס'האָט אַ ברודער זיין לייבלעכן ברודער דערלאַנגט
מיט אַן אייזן אַ טעמפּן אין שאַרבן;
דער הונגעריקער האָט בלויז זיין חלק אין טאַטנס ירושה פאַרלאַנגט —
און ניט געוואָלט שטאַרבן.

דער קאַרגער בעל-גוף האָט זיך אָבער ניט טיילן געוועלט
מיט די פי, מיטן פעלד, מיטן שייער, —
פאַרנעמט איצט זיין אָרעמער ברודער אַ ברעג פונם פעלד,
דאָס אמת האָט פאַרקויפט אַלץ פאַר שטייער.

און ער, דער קולאַק, איז אין קייטן אוועק אויף אַ צייט, —
טרויערט די מאַמע ביים שוועל פון איר שטיבל,
זי קוקט אוים, צי קומט ניט איר זון שוין פון תפיסה באַפרייט,
און בעט, אַז זיין ברודער אין גרוב זאָל ניט האָבן פאַריבל.

דער האָריקער פויער, וואָס איז ווי אַ נאָדל-בוים שטעכיק און גרין,
פאַרשטומט... און פון וואַלד, ווו אוועק איז דער דיכטער,
שאָטנט דער אָוונט אַרוים די צוויי פויערשע זין,
און ס'גייען דעם וואָגן נאָך וועלפישע האַרטע געזיכטער.

.1936

# דער וואַלד־וועכטער

דער וואַלד־וועכטער מאַכט ניט קיין אויג צו ביינאַכט,
דער וואַלד איז געבליבן פון קיינעם באַוואַכט.

ס'איז טונקל און קאַלט אין די כאַטקעס פון ליים,
גייען די דערפער מיט העק אין געהיים —

מיט העק ביי דער נאַכט אינעם פריצישן וואַלד,
דער וואַלד־וועכטער הערט ווי עס קנאַלט, ווי עס פאַלט.

אַ בוים ברעכט זיך איין דורכן דאַך אויף זיין קאָפּ,
דער וואַלד־וועכטער שפּרינגט פון געלעגער אַראָפּ, —

שמייכלט דער וואַלד אין זיין פענצטער און שווייגט:
דאָס שמייכלען די שטערן אַדורכן געצווייג.

פּלוצלונג צעבלויט זיך אַ האַק אינם וואַלד,
און ווידער אַ בוים אין דער פינצטערניש פאַלט.

כאַפּט ער זיין פערד און ער פליט ווי אַ ווינט:
דאָס בלויט ניט קיין האַק — נאָר דער הימל־בלוי רינט.

די האַק אָבער פינקלט אויפסניי אין דער ווייט,
ביז רויט ווערט דער שוויים פון דעם רייטער, וואָס רייט.

ווי נעגל צערייסט דאָס געצווייג זיין געזיכט, —
ער רייט ביי זיין אייגענעם בלוט־רויטן ליכט.

אַזוי יאָגט דער רייטער אַריין אין באַגין,
ביז עס נעמט שפּינען די גילדענע שפּין

אירע גילדענע פעדים אויף שטאַם און אויף צווייג,
ביז די קראָ זיצט שוין אויך אין אַ גילדענעם שטייג,

און אַ גילדענער זייל ווערט אַ יעטוועדער שטאַם,
און דער טוי־טראָפּן לויכט ווי אַ זוניקער פלאַם,

אויך דער געלבלעכער טרוקענער מאָך ווערט באַגילדט,
צעדאַווענט דער וואַלד זיך אין פּורפּור געהילט.

אויף דעם טויאיקן פליין ליגט דאָס דערפל אין גאָלד,
און דער וועג צו דעם דערפל מיט גאָלד איז באַמאָלט.

דער נאַכט־וועכטער שלעפּט אינם וואַלד זיך אַוועק —
און ס'דונערן טעמפּ אין זיין מוח די העק...

.1936

# די מוטנע וואַסערדיקע צוויג

די מוטנע וואַסערדיקע צוויג איז דורכן וואלד אַהיים געלאָפן,
אַ ביין פאַר אירע הינטעלעך געטראָגן,
ביים דאָרפישן מאַהילניק האָט אַ וועלפּיכע זי אָנגעטראָפן, —
אַ, מוטנע צוויג, אומזיסט איז זיך דיין קלאָגן.

איצטער ליגן זיי, די בידנע הינטעלעך,
צונויפגעטוליעט אונטער דעם צעפוילטן טרעפּל,
שטיפן מער ניט מיט דער פּאַסטושקע און מיט די ווינטעלעך,
צונויפגעטוליעט ליגן זיי אַ קעפּל אויף אַ קעפּל,
גאָרניט ניט געגעסן,
מאַמע איז אוועק,
בילן שוין פאַרגעסן,
אויך דאָס קעצל וויגט זיך אויפן עק,
מיט די וואָנצעס שאָקלט זי און טרויערט,
און באַדויערט.

און די פויערטע, די גרויע,
זיצט אַן אומעטיקע ביי איר אַוונטיקער באַטקע,
און איר דוכט זיך: עמעץ וואָיעט, —
די צוויג פלעגט לויפן צו דעם יידנס יאַטקע,
אפשר האָט זי גאָר פאַרסמט אין דאָרף אַ שכן?
גערעכטע מאַטקע,
אַז ווערן זאָל ער ווי זיין פאַרקאַן איינגעבראָכן!

ווער וועט איצטער אָפּהיטן די קו,
דעם גאָרטן פון חזירים און פון הינער?
דער שונא לאָזט דיך קיינמאָל ניט צורו,
און ווי אַ וואָלף פאַרטייעט זיך דער ניטפאַרגינער.

די פויערטע האָט ניט געוווּסט, אַז ס'איז די צויג געלאָפן,
און אַ ביין געטראָגן פאַר די הינטעלעך צו נאָגן,
האָט ביים דאָרפישן מאָהילניק זי אַ וועלפיכע געטראָפן —
און די צויג פאַר אירע וועלפעלעך אַוועקגעטראָגן.

ביז איינמאָל האָט די פאַסטושקע געטריבן פיטערן
הינטער דעם געדיכטן וואַלד די סיווע שקאַפּע,
די פאַסטושקע האָט אָנגעהויבן ציטערן —
זי האָט געפונען קנאָכנס און אַ לאַפּע.

האָט די פויערטע באַוויינט די לאַפּע און די קנאָכנס,
און דערנאָך געטאָן זיי פאַר די הינטעלעך אַ וואָרף;
די צויג האָט ניט דער ייד דערהרגעט, ניט דער שכן —
אַ וואָלף האָט זיך פאַרטייעט ביי דעם דאָרף.

די הינטעלעך זיי האָבן הונגעריק אַרומגעגריזשעט זייער מאַמען,
אָפּגעגעסן, האָבן זיי גענומען מיט דיביינער שפּילן זיך און יאָגן,
געשפּילט זיך מיט די ווינטעלעך, דעם קעצל און דער פאַסטושקע צוזאַמען, —
דער מאַמעס ביינער האָבן, נאַקעטע, ניט אויפגעהערט צו קלאָגן.

.1936

# די ווערבע

איך בין געגליכן צו אַ ווערבע ביי דעם וואַסער-ברעג,
מיין טרויער אין זיין שפּיגל וויל אַראָפּוואַשן דער שטראָם,
איך דריי מיין פּנים אָפּ פאַרשעמט פון וועג,
נאָר ס׳בלייבט מיין שאָטן אַ געפאַנגענער אין תהום.

די פלאַנצן ציטערן אין אויפגעבליטער פרייד,
די בוימער שטייען שווייגעוודיקע, שלאַנק און גרין,
נאָר ווען צו מיר פאַרבלאָנדזשעט שוין די פרייד,
אַנטלויפט זי ווי פון אַ פאַרסמטער בלום — אַ בין.

אין ווייטן רוישט אַ נאָדל-וואַלד, עס שאַלט אַ פייגל-ליד,
די ווערבע הויקערט זיך אין בענקעניש און פּיין,
אַ שוואַרצער טרויער ווייט פון דיין געמיט,
דו איינזאַמע, פאַרוויינטע ווערבע מיין.

די געגנט גליווערט העל, ווי מעש אין זון געבלענדט,
און גליט אַ צייטיקע, פאַרחלומט-שטיל אין זאַטער רו, —
אַ ווערבע שטייט ביים טייך מיט אויסגעדרייטע הענט,
און קוקט, אַן עלנטע, צום פרעמדן גליק זיך צו.

.1937

# זון־אונטערגאַנג

דו, זון־אונטערגאַנג, דו, מיין גילדענער שפּיגל,
דו צינדסט אָן ביים ראַנד פון די בלוי־גרינע וועלדער די שטאַמען,
עס רופט מיך צו זיך אַנגעצונדענער וואַלדיקער עיגול,
אַזוי ווי ער רופט זיינע פייגל צוזאַמען.
דאָס דערפעלע שלאָפט שוין פאַרטוליעט — אַ טשערעדע שאָף,
זען איך וואָלט געווען ווי דאָס דערפל פון שנייד־מעסער מיד,
וואָלט איצט אויך צו מיר ווי אַ בענטשונג געקומען דער שלאָף,
אַזוי שטיל ווי אַ גייער, וואָס קומט מיט פאַרנאַכטיקע טריט
פון זון־אויסגעזאָטענע שליאַכן;
אַזוי שטיל ווי לבנהקער טרויער, וואָס בלייבט נאָכן שניט
די שטעכיקע געגנט באַוואַכן.

נאָר ווו האָט די ווערבע געבליט ניט פאַרקריפּלט און לאָם?
און ווו זיינען וועלדער אָן קאָרטשעס פאַרפּוילטע פאַראַן ? —
דער אָטעם פון אויפשטאַנד, די שרעק פון פּאָגראָם
יאָגט זיך אַזוי ווי דאָס אונטערגעצונדענע גראָז אויף מיין שפּאָן.
מיין שטאָטישער טרויער האָט מיך אויף דעם ישוב געבראַכט,
צו הערן די נאַקעטע קולות פון פעלדער פאַרברענטע.
איך גוסס מיט יעדן צעפּיבערטן קראַנקן פאַרנאַכט,
און קלינג מיט די פּויסטן פון פאַראָבקעס ווי אין אַ קוזניע די פערד
די געפּענטע.

איך האָב דאָ געפונען אין זאַמד אַ פאַרפּראַצעוועט דאָרף,
וואָס קוקט פון די כאַטעס אַרויס ווי אַ חיה פון שטייג,
די טרוקענע פנימער פינקלען אַזוי ווי אין פינצטעניש טאָרף,
דערווייל האַקט מען אויס אינם פּריצישן וואַלד דאָס געצווייג,
נאָר איך זע שוין דעם שטורעם, וואָס וואָרצלט אויס ביימער,
און די שטאָט זאָגט מיר אָן דורך עלעקטרישן דראָט :
— צי ווייסטו אין דאָרף, אַז דו האָסט ניט קיין היים מער ? —
דער פּריצישער מאַרק טרייבט מיט העק דיינע ברידער פון שטאָט.

דו, גילדענער שפּיגל, מיין זון-אונטערגאַנג.
דאָס שטרויענע דאָרף האָט מיין ערשטן אַריינפאָר באַגעגנט
מיט שקיעה-טראַכאָם אין די פענצטער... און קלויסטער-געזאַנג
אויף מיר האָט ווי רעגן אויף ליימיקע גריבער גערעגנט.
אַ פרוי און דריי קינדער, האַלב נאַקעטע, האָבן געטראָגן אַ טרומנע,
די זון האָט אַ ליכט אָנגעצונדן אין יעדער פאַרטרויערטער כאַטקע,
דאָס קאַלכווייסע קלויסטערל האָט זיך צעוויגט אַזוי סומנע,
דאָס שווייסיקע דאָרף האָט די טרומנע באַגלייט צו דער קלאַטקע.
אין הייליקן „יאַקאָב-שפּיטאָל" האָט געצאַנקט דער מעזיניק,
די מאַמע האָט דורך די שפּאַרונעס פון פאַרקאַן געלויערט,
(אין הייליקן יאַקאָב-שפּיטאָל איז אַ הייליקער מנהג:
מען לאָזט נאָר אַ מת אָפּצונעמען אַריין דורכן טויער...)
איצט האָבן די דריי אָפּגעריסענע קינדער געטראָגן
דעם ברודערלס טרומנע, אַ קראַנץ און אַ קרייץ ניט געהובלט —
געוואָלט האָט די פּויערטע נאָכדעם די אַרבעט דעריאָגן,
נאָר ס'האָט שוין דער האַרבסטיקער ווינט אויף די פעלדער געיובלט.

די גרוב פון מעזיניק אין אויך דורכן זומער געוואָרן פאַרוואַקסן,
דער מאָכיקער פּאַרקאַן אַרום דעם מאָהילניק איז לאַנג איינגעבראָכן,
עם האָרכן די צלמים ווי ס׳גראָבן אין זאַמד זיך די אַקסן,
אַ וואָלף האָט צעווישן די קברים צעריסן די צויג פון דעם שכן.

דו, זון־אונטערגאַנג, דו, מיין גילדענער שפּיגל,
עם בליט שוין דער האַרבסטיקער ווזאָזש דער לילאָווער,
און טרויעריק קוקט נאָך דער וואַלד דער סאָסנאָווער
דעם איינזאַמען פויגל, וואָס פּרווט שוין צום וואַנדער די פליגל.
ווען ס׳וואָלטן אויך פליגל געווען מיינע אָרעמס,
וואָלט איך איצט אַריבערגעשווומען די נאַכט און די צווייגן,
די הענט אויסגעשפּרייט — בין איך אָבער אַ צלם אויף קברים,
אַ הילצערנער צלם, וואָס קען צו דעם הימל ניט שטייגן.

.1936

# האַרבסט

דער וועג דער ליימיקער קריכט באַרג אַרויף אין כמאַרע.
פֿון האָריזאָנט וואַקסט אויס אַ פֿויער מיט אַ קריגל
און בלייבט פֿאַרשטאַרט, אַן מראה —
הויבט אויף די כמאַרע אירע שווערע פֿליגל,
און קריכט אַראָפּ פֿון בערגל מיד,
באַווייזט די שקיעה זיך... ווערט בראָנז דאָס קריגל,
אַ פֿאַרגאַפֿטער שטייט דער פֿויער —
און בלייבט אַזוי אַ האַרבסטיקער אין מיין געמיט,
אַ פֿאַרגליווערטער אין טרויער.

דאָס דערפֿעלע צונויפֿגעדרייט איז איינגעשלאָפֿן,
געבליבן איז דער וואַלד אַליין אינדרויסן.
די סטעזשקע איז אין ווילדעניש פֿאַרקראָכן,
די פֿייגל זיינען זיך צעלאָפֿן,
האָט דער וואַלד די צווייגן אויפֿן קאָפּ פֿאַרבראָכן,
און ער שטומט אין בראָך אין גרויסן.

איך וויים, ער וועט אַ גאַנצןווינטער,
צו מיין פענצטער צוגעטוליעט, מאָלן בלומען,
אין חלום מיינעם רוישן אַ באַגרינטער,
און אין מיין הארצן אַ פארשנייטער שטומען.

איצט פירט אַראָפּ די לעצטע סנאָפּעס,
פאַרלאָזענע, ווי דאָרפישע פאַרשעמטע כלות איינגעבויגן,
און ווי אין קריג — די מאַמעס נאָך די כלאָפּעס,
טרויערן די לאָנקעס נאָך די סטויגן.

די ווערבעס ציטערן אין וואַסער ווי געשפּענצטער,
און הייבן אויף צו דער לבנה די פאַרוויינטע אויגן,
ווי אַן אָרעמאַן צו אַ באַלויכטן פענצטער — — —

1937

# שפּורן אין שניי

די וועלדער לויכטן בלוי פון פראָסט,
זיי זינגען — און דאָס ליד ווערט אייז אויף זייער מויל,
דאָס וואַסער קלינגט אין אָזערע פאַרגלאָזט,
די ווייטן הילכן אויסגעצויגן, דין און הויל;
מיין שטיבל טיף פאַרשאָטן מיטן שניי,
גראָבט אַרויס זיך איינהאָרכן דעם קאַלטן ניגון, —
אַך, זיסער עלנט, זיננעווודיקער וויי,
שווער איז מיר צו זיין פון גאָר דער וועלט פאַרשוויגן.

איך בלאָנדזשע דורך דעם וואַלדיקן, דעם ווייסן טעמפּל... הונדערט טויזנט בוימער
האַלטן אונטער מיט די קעפּ דעם דאַך,
די וועלט האָט מיך פאַרגעסן דאָ... איך בין דער שומר
פון רו פון אייביקער ... און איך באַוואַך
די קילע רוימען, די געוועלבטע פון די אַלטע קאַטעדראַלן,
איך טראָג צוויי פייגעלעך — אַ קרבן־עולה;
די זון גייט באַרעמהאַרציק אויף — און אירע שטראַלן
דערוואַרעמען די גופימלעך די הוילע.

ווו זייט איר געפלויגן, שפּערלעך,
ווער האָט אייך געיאָגט — דער שפּאַרבער?
וואָס האָט איר געבישטערט — קערלעך?
אייער לעבן איז אַ האַרבער.

עפּנט אויף די שרעק־פאַרגלייזטע אייגעלעך,
משוכעט אויף זיך, שפּערלעך,
כאָטש פליגל האָט איר, מיינע פייגעלעך,
איז אייער פלי געפּערלעך.

ווו האָט דאָ געיאָגט דאָס העזל?
איך זע די פוסטריט זיינע אויפן שניי פאַרזייט.
דאָ האָט עס געזוכט אַ גרעזל,
דאָ — געטענצלט, זיך געשוויבערט און אַרומגעדרייט,
פלוצלונג האָט עס זיך צעיאָגט,
אַ שפּרונג געטאָן, ווי עס וואָלט וועלן זיך אויף צוויי צערייסן:
דאָס העזל האָט פון זיין באַהעלטעניש אַרויסגעלאָקט
אַ וואָלף... אָט ווירבלען נאָך די טריט די וועלפישע אויף בלאַנקן ווייסן,
נאָך רויכערט זיך זיין אָטעם אויפן שניי —
און מיט אַ שפּרונג האָט ער דעם האָז פאַרצאַמט;
עס קלינגט נאָך אָפּ דאָס יאָמער־אויסגעשריי,
וואָס האָט מיין הארץ פאַרסמט.

דאָ האָט דורכגעפלאַטערט ווי אַ ווינט אַ סאַרנע,
אַ מענטש האָט זי אַרויסגעיאָגט פון וואַרעמען געלעגער,
האָט ער זי דעריאָגט?... דער וואַלד שווייגט כמאַרנע,
און פאַרשאָטן איז די שפּור פון יעגער.

איך הויב־אויף טרויעריק מיין בליק: דער טעמפּל
גליווערט קאַלט, מיין האַרץ ווערט אָפּגעשטאָרבן,
די זון האָט אָנגעצונדן אין געצווייג אַ לעמפּל,
און עפּעס וואָס באַנעם איך, עפּעס וואָס פאַרשטיי איך:
ס'איז יעדע וואַלד־באַשעפעניש אַ קרבן,
און איטלעך בערגל — אַ מזבח.

1937

# פאַרפרילינג

## א.

שיפעט און צישעט אַ שטאָלענע שלאַנג אויף געשליפענע שינעס,
אַ פייף פון אַ קאַלטער סירענע זאָגט אָן, אַז איך קום,
ווישן די וועלדער זיך אוים די פאַרבעלמעטע אויגן, די גרינע,
און לאָזן דערפרייטע אַרוים אַ געברום.

די וועלדער באַפאַלן די באַן מיט אַ שטורעם פון זילבערנע שפּיזן,
מחנותווייז בראָדזיען זיי איבער די קניען אין שניי.
די באַן זשיפעט קוים, אַ צערייצטע אין רינג פון צעפּאַטלטע ריזן,
וואָס לאָזן אַראָפּ זיך אין האָרדעס מיט ווילדן געשריי.

— באַפריי דעם פאַרשפּאַרטן — און הײדאַ, דו דאַמפּיקער וואָרעם,
באַווייזט זיך דאָ מער ניט, איר היימלאָזע, שטאָלענע הינט,
הוראַ! — שרייען בוימער און שליסן מיך איין אין די אָרעמס,
דער לאָקאָמאָטיוו ווייזט אַ פלאַמיקע צונג און פאַרשווינדט.

סאַליוט! — גריסן ערנסט און שטייף די ווייס-לאָקיקע כאָרן,
מיך רינגלט אַרום מיט געיובל אַ דעמבענער דור,
און צווישן זיי שפּאַרט זיך דער נאָכהוקס, ערשט נעכטן געבאָרן,
די שנעקעס נישט אַלט נאָך קיין דריי צענדליק יאָר.

יאָדלעס צעשויבערטע פליִיצן אַראָפּ פון אַ באַרגיקן רוקן,
מיט ליאַרעם ברעכט פריילעך אַ וועג זיך אַ וועלדל פון נים,
סאָסנעס געוווקסיקע קלעטערן איינס אויף דאָס אַנדערע — קוקן,
און טרעטן זיך אָפּ אין געדראַנג די צעפּאַריעטע פים.

## ב.

אַרויף בין איך אויף באַרגיקן שוואַרצערדיקן צוקאָפּן,
דער פראָסט איז פון מײַן לײַב אַרויסגערונען,
אַרום די וועלדער האָבן זיך געטראָגן אין גאַלאָפּן,
דערהיצטע פריש, ווי ווילדע פערד-טאַבונען,
געטראַמפּלט און געשפּרונגען איבער דעם צראָפּהאַנג,
צונויפגעשלאָגן זיך ווי שאָף אין אימה,
און אין דער ווירבלעניש, אין דעם אַרויף-אַראָפּ-דראַנג
האָט מיר אַ בלאַנק געטאָן די שטיל געהיימע
אָזערע ...
אַ בלענדיק אויסגעשלײַפט געפריר,
די וועלדער שטייען אַרום איר אין ראָד,
זיי שפּיגלען זיך און טרינקען זומער-צײַט פון איר,
און ווינטער היטן זיי איר סוד.
פאַרוואָקסן שטומען אַרום איר די ביימער — הונדערט טויזנט בנים,
און וואַרטן, ביז עס וועט די זון צעשמעלצן
דעם שניי און גליווער פון איר קוואַלנדיקן פּנים —
דאַן וואַרפן זיי אַראָפּ פון זיך די פעלצן,
און שיקן דעם בוטשאַן אַרויס אין געגנט — אַ מבשר:
— די סאַמעטענע אָזערע איז אויפגעשטאַנען.
זיי גייען קאַרעהאָד אין קאַרעהאָד אַרום דעם וואַסער,
און מיט די פליגל קלאַפּן צו בוטשאַנען.

## ג.

און ס'טרעטן שוין בוימער אין מאָכיקע הויכע שטיוואַלעס,
פֿאַרשעמט קוקט דאָס געלבלעכע גראָז — פֿאַרזאַיאָריקער דלות,
אַ וואָרצל קריכט אָפּ אַ פּאָר טריט — און צוריק אין דער פֿינצטער.
איצט כאַפּט אַ פֿאַרקילונג מיט באָרוועסע טריט דער געזינטסטער.
די שניי־בערגלעך רוקן זיך, זוכן זיך ווו צו באַהאַלטן,
די זון אָבער קערט מיט איר גילדענעם בעזעם די שפּאַלטן.
עס בולבעט און שטיפֿט ערגעץ־ווו אין פֿאַרבאָרגן אַ קוועלכל,
אַ וועווערקע רייבט אָן אַ שטאָם מיט הנאה איר פֿעלכל,
אַ טרילערל קרייזלט. עס זעגט דורך דער לופֿט אַ סיקאָרע.
דער פּיקהאָלץ קלאַפּט מונטער און ווערעמט אויס פֿלייסיק די קאָרע.
און ס'האָרכן אין גראָבן די גילדענע פֿיש, די פֿאַראייזטע,
מיט אָפֿענע מיילער און גלויביקע אויגן פֿאַרגלייזטע.
אַ קוסט אויסגעצירט אין מלבושים פֿון דימענטן סאַמע,
ציט אויס זיינע הענט ווי אַ קינד צו דער זוניקער מאַמען.
צעשמייכלט די זון זיך און טוט אַ צעשטראַלטע אַ קוש אים —
און ער וואַרפֿט אַרונטער פֿון זיך די פֿאַרשטייפֿטע מלבושים.
זי צערטלט אַ קאָרטש — נעמען וואַלד־קריכער דאָרטן זיך זאַמלען,
זי גיט בלויז אַ ווונק — הייבט אַ חרובע נעסט אָן צו שטאַמלען,
מיט ליפּן פֿאַרהלשטע שפּירן איר נאָך אַלע פֿלאַנצן,
און יעדן פֿאַרשענקט זי זיך ווי אַ בן־יחיד אינגאַנצן.

.1938

# אין אייגענעם דאָרף

## א.

פאַרבלאָנדזשעט האָב איך אינם דאָרף,
וווּ איך האָב געקענט אַלע וועגן,
פאַרזונקען בין איך ווי אין טאָרף
אין ליימיקער חשכות... דער רעגן
האָט איבער מיין קאָפּ זיך געדרייט,
דער טייך איז אין יאָמער פאַרגאַנגען,
ווי אַ פאַל-טיר, וואָס הענגט אויף אַ קייט,
איבער מיר איז דער הימל געהאַנגען.
געפּרוּווט האָב איך גיין — האָט דער שליאַך
ווי אַ שלאַנג מיינע פוס-טריט פאַרוויקלט,
געוויקלט האָב איך זיך ווי אַ דאַך,
פאַרשווּנקט ווי אין פרילינג אַ בריקל.

אַ טרעפּל דערטאַפּט האָט מיין טראָט,
מיט פּחד בין איך אָפּגעשפּרונגען, —
דער קרעכץ פונם ברעטער־דיל האָט
ווי אַ שטים צווישן קברים געקלונגען.
פון שטרוי־דאַך אַ פוילעניש ווייט,
דאָס הייזל געהויקערט און נאַקעט,
האַלב בלינד און צעשאָקלט עס שטייט,
ווי אַ ראָב דורכגערעגנט — און קראַקעט.

איך קלאַמער זיך איין אין פּאַרענטש,
און שלעפּ זיך אַרויף אויפן גאַניק —
אין ווינקל שטייט נאַקעט אַ מענטש
און וואַשט זיך אין רעגן מיט תענוג.
ווי דער הויז־ווירט, וואָס פוילט אין דער ערד,
וואָלט ביינאַכט זיך פאַרגנבעט אין ישוב ,
דערזען האָט ער מיך — און ער ווערט
אין אַ מאָכיקן האָלץ־זייל פאַרכישופט.
און טוט וואָס מיין האַנט אַ באַריר,
צעשרייט עס זיך , צוקט פון יסורים, —
די לאָדנס, די פענצטער ,די טיר
האָבן הערצער באַקומען אין שטורעם.

## ב.

בּיסלעכווייז טויכט אויף אַ געסל, אַ ראָג,
ס'ווערט העלער פון רגע צו רגע,
פון הימל־ראַנד זילבערט אַרויס דער פאַרטאָג,
און רייסט זיך דורך בלייענע ברעגעס.
די פינצטערניש ווערט ווי אַ שפּינוועבס צעפליקט,
די שאָטנס צעקריכן ווי שפּינען,
דאָס דאָרף אָטעמט אָפּ פון דער שרעק, וואָס געשטיקט
האָט אים ביז צום באַגינען.
עס פאַריעט פון טאָלן און גריבער,
ווי ס'דאַמפּט אויס פון קערפּער אַ פיבער,
און ס'לויכט אויף דער טייך ווי געדאַנקען
געלייטערט אין שטערן פון קראַנקן,
ווען די געפאַר איז אַריבער.
פון באַרג־שפּאַלטן פויזעט אַ רויך,
ווי ס'קריכט אַ געשלאָגענער הונט
פאַמעלעך אַוועק אויפן בויך,
און איטלעכער שפּאַלט איז אַ וווּנד,
וואָס שווייסיקט אַרויס אַלע סמען,
עס וויקלען די נעפלען זיך הויך,
און ווערן בריליאַנטענע פלאַמען.
די זון אין פאַרטאָגיקן גאַנג
רופט די ערד ווי אַ מאַמע צו זיך,
און די ערד־קויל מיט פייגל־געזאַנג
לויפט דער זון נאָך אין גילדענע שיך.

## ג.

מיין זוניקע בענקשאַפט,
געלאָזן האָסטו דיינע פּייליקע שטראַלן
אין מיר — און אַנטלאָפן,
געשווידערט האָב איך אין דער נאַכט — און געפאַלן
אין שוואַרצע אין־סופן.

ס׳איז געבליבן דיין שקיעה
אין מיר, ווי אין ברונעם אַ ליידיקער עמער —
און דו ביסט אַנטלאָפן;
געשריען האָב איך ווי די דורשטיקע לעמער,
געבלאָנדזשעט אָן האָפן.

איצט שטראַלסטו אין מזרח,
און ס׳פלאַטערן בלאָנד דיינע ווייצענע צעפ,
דיין פּנים איז האַלב נאָך פאַרבאָרגן, —
נאָר ס׳לויפט שוין דיין שמייכל אַרום אויפן סטעפ
ווי אַ פוקס אין פרימאָרגן.

דאָס הייזל, מיין נאַכט־שרעק,
קוקט היימיש מיך אָן מיט צעפינקלטע שויבן:
וואָס האָט דיך געשראָקן?
און ס׳רוישט איבער איר ווי אַ טשאַטע פון טויבן —
אַ בעריאָזע מיט זיידענע לאָקן.

און ס׳חוזקן שטראַלן:
דו האָסט אין דיין אייגענער דאָרף־גאַס פאַרבלאָנקעט,
פון אימה און איבל
האָסטו ניט דערקענט אין דער פינצטער דיין לאָנקע —
און דאָס אייגענע שטיבל.

## ד.

עס ליגט אויף די טויאיקע פעלדער אַ שלייער,
די זון האָט פון זיך אויסגעטאָן אים,
און ווער ס'זאָל ניט זיין דער פאַרטאָגיקער גייער,
פאַרהילט ער אין שלייער זיין פּנים.

דעם וואַנדערער יאָגט דורכן כוואַליקן קאָרן
אַ מחנה פון שיכורע בינען.
די זון האָט בכיוון איר שלייער פאַרלאָרן —
אַ וואַנדערער זאָל אים געפינען.

ער גייט און עס פּערלט זיין באָרד, זיינע ברעמען,
אַזוי ווי דער טוי אויף די פלאַנצן,
וואָלט ער זיך אַצינד פאַר זיין עלטער נישט שעמען,
וואָלט ער זיך אַוועקגעלאָזט טאַנצן.

ער שפּאַנט, ביז ער איז מיטאַמאָל זיך מישב:
וואָס האָט ער פאַרטאָג זיך צו איילן?
ווער איז ער דער גרויסער קאָלירן־מכשף,
וואָס האָט ווי פאַרכישופט די מיילן?

עס קאָכט אין די בערג אַ געמיש פון קאָלירן,
דער טייך, ווי אַ מיידל פאַרחנדלט,
לויפט באָרוועס דורך לאָנקעס... די קוועלכעלעך פירן
אַ שמועס מיט איטלעכן שטיינדל.

עס ציטערן סטרוניק די ווייטן די בלויע,
און ס'פינקלט דאָס גרינס אויסגעזאָטן.
דער גייער פאַרוויכערט און טראַכט מיט הנאה:
די תבואה איז היי יאָר געראָטן.

נאָר ס'איז אים פאַרדראָסיק: ווען ער איז נאָך זוכה
דעם פאַרבן־מכשף צו טרעפן, —
ביז ער קומט אַרוים פון די זאַנגען די הויכע,
און בריים טוט זיין האַרץ זיך אַן עפן:

די זון!... און ס'באַנעמט דער פאַרטאָגיקער גייער
דעם כּישוף, וואָס הענגט אויף זיין פּנים :
די זון אויסגעטאָן האָט איר גילדענעם שלייער
און שטיפעריש־צאַרט אָנגעטאָן אים.

# פרייד און איינזאַמקייט

## א.

די זומער־געסט, זיי זיינען זיך צעלאָפן,
ניטאָ שוין מער קיין ברוינע זומער־קי,
אַז איך בין איינמאָל אינדערפרי אַרויסגעלאָפן
זוכן שוואָמען אינדערפרי,
האָב איך שוין קיינעם ניט געטראָפן.

אויסגעקוילעט האָבן זיי אַ דאָרף — אַזעלכע פרעסער!
געפליקט מיט פעטע פינגער יונגינקע קורטשענטקעס,
אַליין געיאָגט זיך נאָך די עופות מיטן מעסער,
און תּאַווהדיק געצאַפּלט, ווען געצאַפּלט האָבן ווענטקעס.

חיהלעך מיט מאַניקירטע נעגל, —
געוויגט זיך אין האַמאַקן, ווי אין שפּינוועבס — שפּינען,
ביים וואַסער זיך געפּרעגלט,
און געוואַלגערט זיך אין קאָרן ביז באַגינען;
די אַלטע גענעצן ביים אָוונט-טיי,
מען רעדט פון קיך, פון שכנים און פון מאָרגנדיקן וועטער,
עס שמעקט פון דאָרף מיט היי,
מען פרעגלט איינגעמאַכטס אויף שפּעטער,
אַ כעס האָט מיך אַרומגענומען:
גענוג פאַרשפּילט די נעכט אין קאָרטן,
געשטיקט זיך פון געלעכטער און געקושט זיך אינם גאָרטן,
אַרויס! — האָב איך גענומען ווינטיק ברומען,
און זיך געטאָן אויף זיי אַ וואָרף, —
זיינען זיי צעלאָפן זיך — און מיטגענומען
אַלע בלומען פונם דאָרף.

האַלב נאַקעט מיט אַ גרויסער באָרד,
ליג איך אויף מיין בעט און קוועל פון תענוג,
פאַרכלינע זיך מיט מילך פון קוואָרט,
און קוק, ווי ס'ווייקט דער רעגן מיין צעפּוילטן גאַניק.
דער רעגן פאַלט ווי מעסערס קרומע,
און שניידט די פעלדער, שניידט די אָפּגעוועלקטע בלעטער,
די וועלדער סטאַרטשען פינצטערע און שטומע,
איך ליג ווי אין אַ שווים-קאַסטן פון קלעצער און פון ברעטער,
דעם שטורעם האָב איך פון די קייטן אָפּגעלאָזן:
שפּיל אויף, מיין שטורעם-ווינט, דיין אומעטיקן אימפּעטיקן ניגון,
אַז אַלע ביימער זאָלן מיט געיאָמער זיך צעוויגן,
און וויינען זאָלן אַלע גראָזן.
דו האָסט די פייגל און די זומער-געסט פאַרטריבן,
און אויך די פּויערים אין דאָרף אַריינגעיאָגט,
איך האָב זיך שוין פון אומעטום אַרויסגעקליבן,
און בלויז מיט זיך אַליין געבליבן,
דאָך נאָגט אין האַרץ און נאָגט.

שפּיל אויף דיין שטורעם-ליד, מיין ווילדער ווינט,
עס טוליען זיך צום פעלד די גאַרבן,
ווי ס'טוליעט צו דער מאַמען זיך אַ קינד,
וואָס וויל ניט שטאַרבן.
צעוואַרף די סנאָפּעס און די סטויגעס היי
אין אַלע זייטן מיט אַ בייז געשריי.
בלאָז שטאַרקער אין די צווייגן,
אויב די ביימער קענען ניט ווי פייגל פליען,
אויב זיי קענען ניט צום הימל שטייגן,
זאָלן זיי איצט שרייען, ווי זיי האָבן קיינמאָל ניט געשריען, —
מיין האַרץ קען מער ניט שווייגן.

דונערס ברעכן זיך ווי פעלזן-טרעפּ ביים האָריזאָנט,
ס'לויפט אָן אַ וואָלקן ווי אַ הייסער רייטער,
ער זעט די שטיבלעך אויסגעלייגטע ווי הרוגים אויפן פראָנט,
און טראָגט אַוועק זיך ווייטער.
כמאַרעס פלאַקערן ווי בערג מיט פייערדיקע שפּיצן,
איך וויל אַרויף אויף העכסטן שפּיץ און שרייען,
דער הימל לאָזט אַרונטער זיך אויף בליצן,
דער הימל קומט די ערד באַפרייען.
אָ, שטורעם-ווינט, איך טראָג אַנטקעגן דיר מיין האַרץ,
ווי ס'טראָגט דער ים דעם גאַנצן אָפּגרונט אויף אַ שוימען-שפּיץ,
ס'איז שוואַרץ אַרום מיר, שוואַרץ,
נעם מיך אויף דיין בליץ !
די לאַנג דערוואַרטע שעה האָט אויסגעבראָכן,
די כמאַרעס האָבן זיך אַליין מיט בליצן דורכגעשטאָכן,
געשטילט די ערד פון טויזנט ברוסטן.
אַ גאָט האָט אין דער הויך געטאַנצט אין פלאַם,
געלעקט די ערד מיט פייער-צונגען,
און די ערד האָט ווי אַנוסטן,
ווען זי איז נאָך אַליין געווען אַ פייערדיקער ים,
געזונגען — — —

## ב.

די וואַסער־גלעקער האָבן אָפּגעשטורעמט,
און איך, וואָס האָב געקאָכט ביז טיפסטן דנאָ,
בין איצטער אויסגעליטערט, בלאָ, —
די וואַסער־גלעקער האָבן אָפּגעשטורעמט,
און איך בין מיד, וויל רו,
איך מאַך די אויגן צו —
און ווען איך עפן זיי, האָט זון־פאַרגאַנג שוין אויפגעטורעמט
פון וואָלקנס אַ באַגילדטן מינאַרעט.
דו מזרח־לאַנד, מיין בענקשאַפט לעגענדאַרע,
מיין חלום האָט דיך אויסגעפורעמט
פון אַ כמאַרע :
אין מיטן פון פּאַלאַצן מירמלנע אַ מינאַרעט,
און פון זיין טורעם רופט אַ שטים אַ שטילע
צו דעם פאַרנאַכטיקן געבעט.
איך בין אין מדבר ווייט און קני צו אָוונט־תפילה.

אַללאַ, אַ, מאַהאָמעד,
לאָז מיך לייענען מיין לעבן אין דיין גליאיקן קאָראַן,
אין לעבן פון אַ יידישן פּאָעט
איז מדבר, קריג און שטורעם אויך גענוג פאַראַן.
אַללאַ, בענטש מיך מיט דיין גנאָד,
לאָז מיך טרוימען מיט אַ קאַראַוואַן
פון שווער באַלאָדענע און קלינגענדיקע קעמלען,
לאָז מיך לייענען דעם היראָגליפן־סוד
פון אייביקייט אין איינגעקאַרבטע פעלזן;
לאָז מיך אין דעם שאָטן פון אַ פּאַלמע דרעמלען,
אין מיין חלום דיין נבואה הער זען.

דו, שטיינערדיקער, אויסגעשטרעקטער ריז !
אויף מיילן טויזנטער דו גלאַצסט, שאַקאַלן גראַבן אין דיין האַרץ,
געשמידט צום האָריזאָנט מיט הענט און פיס,
אַטעמסטו פאַרשטיקט און האַלטסט אין מויל אַ בוימל אַ פאַרדאַרטס.
עס פאַלט אויף מיר דיין שטילקייט ווי דער שאָטן פון אַ פליגל,
און איך דערזע מיין היימלאַנד אין דיין זון-גלי ווי אין שפּיגל.
פאַרשיכורט מיך ניט, וואַלקנס, מיטן שפּיל פון כישוף-פאַרבן,
פאַרשלייערט ניט מיין בליק מיט פּורפּורנע געוועבן, —
איך מוז זיך אומקערן צו מיינע אָרעמע, פאַרוויינטע גאַרבן
און צו מיין לעבן.

דער וואַלד אַרום מיין שטיבל, רונד אַרום,
דורך מיינע פענצטער רופט מיך : קום שוין, קום,
צו אַן אַראַבער פעלט דיר נאָך אַ פערד, אַ האַרעם און אַ טשאַלמע,
וואָס בעטסטו צו אַללאַ ביים זון-פאַרגאַנג,
אַ סאָסנע אַ וויים-רוסישע רוישט שענער פון אַ פּאַלמע,
די וועלדער וואַרטן אויף דיין פרייד-געזאַנג.

## ג.

די וועלדער, די וועלדער, זיי נעמען זיך אָן פאַר די הענט,
און טאַנצן דעם אורטאַנץ פון אָנהויב באַשאַף,
דעם אורטאַנץ פון מענטש, וואָס האָט פייער דערקענט —
און דאָס פייער געמאַכט פאַר זיין שקלאַף.

די וועלדער, די וועלדער, זיי בלאָנדזשען פאַרביי האָריזאָנטן,
זיי קומען און גייען — פון וואַנען, ווהין ?
די, וואָס ווינען אין ווייט, טראָגן קאָפּ-טיכער בלויע און די וואָס אין נאַכטן —
שטייען פאַרוויקלט אין גרין.
עס שטורעמט אַ וואַלד אַ געדיכטער אַראָפּ פון אַ באַרג,
לויפט אים אַ וועלדל אַ יונגער אַנטקעגן,
איז אַריין אינדערמיט אַ געהויקערטע לאַנקע, און בלויז אויף איר קאַרק
שטייט איינזאַם אַ בוימל און פרעגט ביי די וועגן.

די וועלדער, די סלאַווישע, האַלטן נאָך איצט אין איין וואַנדערן
איבער די שטרעקעס פון ווייס-רוסלאַנד, איבער די וועגן פון ליטע,
זיי קוקן אַריבער מיט בענקעניש איינער צום אַנדערן,
און יעדער פון זיי טראָגט אַ שקיעה — אַ האַרץ אַ צעגליטע.

די וועלדער, די וועלדער, זיי האָבן זיך איבער די ווייטן צעשפּרייט,
ווי קריגערשע שבטים אין פעלד ערב שלאַכט,
און ביימער ווי וועכטער צעשטעלט אויף די וועגן: ווער גייט עס, ווער גייט
אין דער נאַכט, אין דער נאַכט ?

די וועלדער, די וועלדער, זיי רוישן ביינאַכט אויף אסיפות,
אַזוי ווי ביים אָפּפלי אין האַרבסט די באָמשאַנען :
— מען ברעכט און מען גזלט די סודות פון אונדזערע היילן די טיפע,
לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען !

ווי לאַנג וועלן מיר דאָ נאָך היטן די כאַטקעס פון שטרוי,
און עסן דעם רויך פון די באַנען?
איר, וועלדער, געהילטע אין שוואַרץ און אין גרין און אין בלוי,
לאָמיר לאָזן זיך שפּאַנען!
און די דערפער? — זאָלן זיי בלייבן אינדרויסן,
הייצן די אויוונס מיט טאָרף,
וואָס זיינען מיר, יאַגד פאַר דעם פּריץ דעם גרויסן?
וואָס זיינען מיר, האָלץ פאַרן דאָרף?...

אַזוי רוישן וועלדער ביינאַכט אויפגעשטורעמטערהייט,
פאַרטאָג אָבער האָבן זיי ליב זיך צו סודען,
און ווען זיי דערזעען, אַ פּויערל אַקערט און זייט,
הויבן זיי אָן מיט די קרוינען צו הוידען.
און ווען זיי דערזעען די שטיינער די מאָכיקע,
וואָס ליגן צופוסנס פון זייערע וואָרצלען שוין הונדערטער יאָרן,
פאַרשעמען זיך דעמלט די זקנים די קנאָכיקע:
ווי פּאַסט עס צו וואַנדערן זיי ווי ציגיינער-טאַבאָרן?
און ס'ווערן זיי נענטער די גרויע פאַרקאַנעס, די שטרויענע דעכער,
די פרייידיקע הויכע צעכוואַליעטע פעלדער,
ווו ס'גייט אויף דער קאָרן אַלץ העכער און העכער
אויף ערד, אָפּגערייניקט פון וועלדער.

און מחנות גיבורים אין זון-אונטערגאַנג שטייען וווקסיק צעשטעלט,
און קוקן פון אונטער די גרינע פאַרוואַקסענע ווייעס,
ווי ס'ווערט אַ שטיק גינגאָלד דער מאָכיקער שטיין אויפן פעלד,
ווי ער וואָלט געוועזן אַן ערדענע שקיעה.
און דער פּויער, וואָס וואַרפט אויף זיין וואָגן דעם שטרוי,
בלייבט שטיין מיט דער ווידלע פאַרגאַפט,
און דאָס פערד בויגט זיך אָן צו די גראָזן אַזוי,
ווי עס וואָלט געהערט, ווי עס ריזלט דאָס זאַפט.

.1937

## א.

מיר זיינען אַרוים אויף פּאַרטאָגיקע וואַסערן
זוכן דאָס גליק.
אַ שטראָם אין געלויף האָט פאַר אונדז געטאָן מסרן,
אַז טיף אין די דעמבענע וועלדער פאַרבאָרגן
פינקלט אַ קאַלט־בלאָער שייטער —
די אַזערע,
דער שטראָם האָט זיך דאָרטן געלייטערט;
איצט אײַלט ער זיך ווידער אַהין אין פרימאָרגן
צוריק, —
שווימען מיר אויף די פּאַרטאָגיקע וואַסערן,
זוכן דאָס גליק.

פרייל‌עך און היימיש שפּרינגט אָן אונדז אַנטקעגן,
אַזוי ווי אַ קעלבל, דאָס הויז אויפֿן בערגל,
אַ פֿויערטע קניט אויפֿן קרייץ פֿון די וועגן,
עס האָלדערט, עס געגדזלט און געהגלט,
עס פּאַטשט מיט די פֿליגל אַ האָן,
דער טאָג נאָך זיין דאָרפֿישן הרגל
הייבט זיך שוין אָן.

דאָס הייזל לויפֿט נאָך אונדז מיט בלענדיקע שויבן —
און בלייבט הינטערשטעליק.
עס ציט דורך אַ זיידענער שטורעם פֿון טויבן,
ס'איז זוניק און טרעליק;
ווי אַ טויב בין איך פֿול מיט געפּלאַטער און קנאה,
איך וויל מיט מיין האַרץ און מיין ליבשאַפֿט זיך טיילן,
האָב איך זיך געלאָזן דאָס גליק אָפּגעפֿינען
אויף טייכן דורך גרינע געבלעטערטע היילן
אין בלויען באַגינען.

### ב.

א בעריאָזע-וועלדל פלאַפּלט פריילעך, ווייסע שטאַמען
ווי וועשערנס די קליידלעך ביז דער העלפט פאַרקאַשערט;
דערזעט דאָס וועלדל אונדז — דאָס פּנים נעמט אים פלאַמען,
דער שטראָס ווערט אויך צעטומלט און געשלענגלט,
א רגע דרייט ער זיך, ווי ער וואָלט זיך געקווייקלט,
און טראָגט זיך ווייטער אַ פאַרשמייעט-ראַשער.

ער טראָגט זיך איבער גרינע פלאַכע פליינען,
אים קומט אין וועג אַ געלער זאַמדיקער שיפוע,
וואָס טראַפנט גאָלדיק, ווי די זון וואָלט וויינען, —
דער שטראָס, דער אָנגעבלאָזענער בעל־גאווה,
אין בלויען רינג פון וועלדער קוטשעראַווע
מוז שפּרינגען, ווי אַ פערד פון ענגער דוהע.

די זאַמד-בערג האָבן זיך צערוקט און אויפגעריגלט —
אַ פעלד, באַפעלקערט מיט שטאָלץ-פּיסיקע באַטשאַנען,
דער הימל דרייט זיך ווי אַ קיילעכדיקער שפּיגל,
מיט אַלעמען אינײינעם און מיט איטלעכן באַזונדער;
דאָס האַרץ איז נאָך נישט אָנגעזעטיקט מיטן וווּנדער —
און ס'רייסט אונדז שוין אַוועק פון דאַנען.

אַ ווערבע האָט פון ברעג ביז ברעג זיך אויסגעבויגן,
זי וויל מיט אירע אָרעמס אונדז דעם וועג פאַרצאַמען,
דאָס וואַסער שיסט אַריבער אין אַ רעגנבויגן,
און פויזעט אויפן בויך מיט אַ פאַרוואָרגן ברומען, —
די ווערבע ציטערט: זי וואָלט מיטגעשווומען,
נאָר קען ניט אָפּרייסן זיך פון דער ערד — איר מאַמען.

און ס'זופט דער שטראָם די וויאָרסטן גיריק,
דאָ טונקל און דאָ זוניק ווערט אויפן געמיט אים.
ער חנדלט זיך און שפילט זיך פילקאָליריק,
דרייט אום זיך פוסט-און פאָס, ער גראָבט אוים בוכטעס,
פאַרלירט די ריכטונג אין געדיכטעניש און זוכט עס,
און ס'טאַנצט דאָס שיפל האַסטיק נאָך זיין ריטם.

## ג.

„האָפענונג" — שטייט אָנגעמאָלט מיט רויטע אותיות אויף מיין שיפל.
אין מיין האַרץ איז איינגעקריצט ווי מיט אַ גריפל —
„שטורעם".
אָך, עס שלאָפט דערווייל מיין האָפענונג און ברייט אַ בשורה,
ווי אַ פויגל מיט דעם שנאָבל אין די פעדערן פאַרנורעט.

ווי לאַנג וועל איך נאָך וואַנדערן דורך נעפּלען און טונעלן,
שפּרינגען איבער שטיינער, טאַנצן איבער וואַסער־שוועלן? —
קום, אַ, שטורעם!
מיין האַרץ וועט דיר אַנטקעגן שלאָגן מיט אַ פריידיקן אַנטציקן,
ווי אַ יונגע שוואַלב, וואָס נעמט די איי־שאָלעכץ צעפּיקן.

אין וואַסער־גראָז פאַרפלאָנטערט קען איך ניט דעם וועג געפינען,
וואַרצלען אַרום מיר ווי הונדערט־פיסיקע פאַרדאַרטע שפּינען, —
קום, אַ, שטורעם !
צערייס די נאַכט, וואָס איז ווי פון געצווייג אין טייך אַראָפּגעפאַלן,
און לאָז מיך טאַנצן אויפן שוים, ווי אויף קינזשאַלן.

אַ דומפּער ריח שלאָגט פון דער באַבלעטערטער פאַרהווילעניש,
עס טריפט די זון פון גרינער פוילעניש, —
קום, אַ, שטורעם !
שטויס אַרוים מיט אימפּעט אונדזער שיפל פון די פלאַכן,
און לאָז אונדז אויף דער ברייט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם לאַכן.

טויטע וועלדער, ווי אַ מחנה בלינדע, טאַפּן אינם אויר,
פאַרוואַקסן מיט לישייעס, דורכגעשימלט, שוואַרץ פון זשאַווער, —
קום, אַ, שטורעם !
שלאָג אַריין דיין בליץ-געלעכטער אינם כמורנעם שווייגן,
די וועלדער זאָלן ברומען ווי די חיות אין די שטייגן.

דאָס וואַסער בלעזלט זיך ווי ווייסלען פון אַרויסגעפּלאַצטע אויגן,
אַלע טייך-פאַרזשעענישן לייגן אין מיין הארצן אָפּ די רויגן, —
קום, אַ, שטורעם !
וועק אויף מיין האָפענונג, וואָס ליגט צונויפגעבייגלט
און טראָגט מיך, האָפענונג און שטורעם, מיינע טרייע פייגל !

## ד.

די אָזערע! כ׳וויל אויסשרייען — און קען נישט... שטום.
אַ בלאָער שפּיגל, אַ געשליפענער, מיט גאָלד אַרום,
די זון הענגט ווי אַ גלאָק אין גלעזערנעם קופּאָל,
און אָפּגעשלאָסן איז די וועלט — אַ קיילעכדיקע דינע שאָל.

די אָזערע, וואָס האָט מיין דרימל ביי דער נאַכט געשוועקט,
און איך האָב זיך צו איר געצויגן אויסגעבענקט,
האָט אויפגעדעקט זיך מיט אַ שמייכל אין דער גאַנצער ברייט,
און אויפגענומען אונדז מיט ציטערדיקער שטילער פרייד.

זי האָט געשוויגן און ניט אָנגעזאָגט, אַז זי איז נאָנט,
די ראָר־געוויקסן האָבן אונדז פאַרשטעלט דעם האָריזאָנט,
און פּלוצלונג אין מיין בענקשאַפט און מיין חלום דורכגעגליט,
איז זי געבליבן רואיק שטיין אין מיין געמיט.

## ה.

כישוף, כישוף, גרינער שפיגל,
מיט דיין שיין, —
אַ מאַמע וויגט איר קינד אין וויגל
ניט פאַרחלומטער און טיפער,
ווי דער תהום פאַרוויגט דעם שיפער —
וויגט אים איין.

דער הימל האָט זיך אָנגעבויגן
שטיל און בלוי, —
אַ מיידל קוקט נישט אין די אויגן
פון איר יינגל אין זיין דרימל,
ווי אין פנים מיר דער הימל
מילד אַזוי.

אין מיין חלום זשומט אַ מלאכל —
אַ פליגעלע.
קושט און גלעט מיך ווי אַ שטראַלעכל:
מיין גוף איז שמאָל, די פליגל גראָזיק,
און אַ טוי־קרישטאָל — מיין גלאָזיק
וויגעלע.

גאָף איך, און אַ שמייכל בלאָנדזשעט
אין מיין בליק;
ביז מיין בליק ווערט אויך פאַרבראָנזעט,
שטיל. אַלץ גאָלדיקט און אַלץ זילבערט,
ביז אפילו אויך אַ מילב ווערט
זאַט פון גליק.

ו.

שווים , מיין באַשוווירענער גליק-זוכער, שווים
צו דעם אינדזל דעם גרינעם פון פרייד — צו דעם זילבערנעם טרעפל,
זים איז די טיפע פאַרהוילענע שטים
פון גרין-האָריקן אָפּגרונט, וואָס קושט מיך און פרעפּלט.

דער שטראָם איז אַ פידל, מיין שיפל — אַ סמיק,
די רינגען אין וואַסער אַרום טראָגן ציטריק פאַנאַנדער
די שטילע, פאַרחלומטע, ווייכע מוזיק,
און אויך דער דין-סטרוניקער הימל זינגט מיט אין מיין וואַנדער.

אַ גליטש טוט זיך איבער מיין פּנים אַ וואַלד,
אַ בליץ טוט אַ כוואַליע — עס לויפט איבער מיר דורך אַ שאָטן;
די כוואַליע צעקרישלט אין זון און צעפּאַלט —
דאָס האָט זיך אין תהום אַ שמאַראַגדענער פּאַלאַץ צעשאָטן.

שוועב, מיין שמאָל-נאָזיקער טייך-יעגער, שוועב,
זוך פון דער שטילקייט אַרוים די בורשטינענע פליינען,
וואָס רוישן געהיים אינם פלאַנצן-געוועב,
און פאַרכישופן די פיאָלעטענע וועלדער מיט זייערע חנען.

איך וואַך מיט אַ האַלב צוגעשלאָסענעם אויג,
און וויג זיך אויף רוקנס פון שעפסן אַלץ ווייטער אָן ענדע,
דאָך וואַך איך, ווייל גיט זיך מיין שיפל אַ בויג,
פאַל איך אין אָפּגרונט אַריין פון דער בלויער לעגענדע.

ז.

איך האַלט נישט לענגער אויס די פרייד,
און אַ פאַרבלענדטער גיב איך ראַש אַ זעץ זיך אויף אין שיפל:
זאָג מיר, גוטער ברודער, דעם באַשייד,
וואָס איז עס פאַר אַ שפּיל פון גרין און בלאָ
אין שטילער גאָלדענער פאַרמיטאָג־שעה ?
און וויפל איז דער שיעור צו ברוינען אויף דער זון די גלידער, וויפל?

פון רוקזאַק נעם אַרויס דעם פּייפּיאַל,
און פינגער אויס אַ ניגון אויף דער ליימענער און פּראָסטער אָקאַרינע,
אַ טאַנץ טאָן אויפן וואַסער וועט דער ווידערקול,
אַ שושקע טאָן זיך לייכט מיט דעם טשערעט,
אַ פלי טאָן צו די צווייגן — און העט, העט
אַוועק קרייזן אין די געדיכטע וועלדער, די געהיימע, גרינע.

אַלץ גליוועדט אויסגערייפט און זוניק־קלאָר,
נאָר ס׳שטייט די וועלט, ווי אין דער אָזערע, קאַפּויער אין מיין שאַרבן,
איך טאַפּ אַלץ אָן מיט מיינע הענט — ס׳איז וואָר,
דאָך איז מיר יעדע זאַך אַ שטומער סוד,
און ווייסטו שוין די נעמען — וואָס איז דער יסוד,
וואָס בינדט אַלץ אויף אינייגעם, ווי אַ פויער זיינע גאַרבן ?

ווער בין איך? — רוף איך אין דער וויים.
„איך!" — ענטפערט אַ פּילשטימיקער פאַרהווילענער פון אַלע זייטן.
צעטומלט קוק איך אין אַ יעדער זייט:
„איעקאָ?" — שריי איך, ווער און ווו ביסטו ?
די שטילקייט פּלאַצט, עס דונערט: „דו!"
און אין די וועלדער הילכט די פרייד פון אור־גן־עדן־צייטן.

מיין חבר חלומט אויפן פייפל — און זיין ליד
וויגט זיך ווי אַ בלאָער זייל; ס'איז זוניק, שטיל און פריי איז,
די זאַמד־ברעגן, וואָס גליען פויל און מיד,
הויבן אויף די קעפּ פאַרגולמטע ווי קי,
זיי גיבן נאָכן פייפל זיך אַ צי,
און אויך די וועלדער רוקן צו זיך ווי פאַרכישופטע געשטילטע חיות.

די אָזערע ווערט גרוי־געהאַרטעוועטער שטאָל,
אַ וואַלד קריכט פון דער טיף אַרויס . . . און דאָרט ווו איך האָב נאָרוואָס
געזוכט דעם אומבאַקאַנטן פון מיין ווידערקול,
פינקלט דורך אַ הייסער, ברוינער גוף,
בלעטער־שאַרך, אַ שטילער פייף, אַ רוף,
ווי ס'וואָלט אַ יונגער גאָט אין דער געדיכטעניש אַרומגעקלעטערט
באַרוועס.

## ח.

דער אָפּגרונט קלאַפּט מיט דימענטענע פינגער
אין מיין שיפל: — ראַ־טאַ־טאַ־טאַ,
איך בין דיין גורל־ליד, איך בין דיין זינגער —
ראַ־טאַ־טאַ־טאַ.

איך בין דער טויט מיט גרינע אויגן,
שטורעם איז מיין ברוסט,
פאַרסמט איז דער, וואָס האָט געזויגן
פון מיין לוסט.
הער, ווי סודותדיק די וואַסער־הימלען
ענטפערן דעם אויבערפלאַך:
פאַרזינק נישט ווי אַ קאַרטש אין דרימלען —
זיי וואַך!

דורך אונטערערדישע פאַרהוילענע געוועבן
קוועל איך, פלייץ און ריזל
צו דעם אויבערפלאַך, צו ליכט, צו לעבן,
טוי־געפּערלט איז מיין הויט,
נאָר מיין נאָפּל איז פון קיזל —
אין מיין בויך איז טויט.

קראַנק בין איך פון די באַשעפענישן,
צעטומלט פון די פלאַנצונגען אין מיינע תהומען,
פול מיט קריפּלען גרווילנדיקע,
מיט קאַלירטע רעטענישן, טרעפענישן,
פול מיט ווילדענישן פווילנדיקע
אָן אַ נאָמען.

איך שטיל די וואַרצלדיקע ערד פון טויזנט שפּונטן —
און ווער אַליין פון דורשט פאַרברענט,
איך ברען פון דורשט, פאַרשטיקט אין מיינע גרונטן, —
מיט אויסגעשפּרייטע הענט
און רונדיקע, ווייס-ראָזע קני
פיבער איך נאָך תענוג
אַ גאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי,
און ווער פון זון געפּייניקט.

אָן קליידער, מיט צעהיצטע היפטן,
רויש איך דורך די וועלדער, לויף איך און איך פאַל אויף ברעגן,
מיט אַ בליק פון זיסן שווידער אַ פאַרטיפטן
זוך איך... און באַרעגן, ווען איך באַגעגן
מיט דער מילך פון מיינע בריסט די פולע,
איך קוש אים אויס דאָס האַרץ און מורמל שיכור,
אַ פאַרבענקטע און אַ דולע:
„קום צו מיר, צעוויים מיין לייב אויף שטיקער,
אייביק בין איך ווייב,
דאָך בלייב איך יונג, ווער יעדעס מאָל אויפסניי געבאָרן,
די זינד צעאַקערט ניט מיין לייב
און ניט די יאָרן,
אַ, קום צו מיר..."
און מיינע אָרעמס
שלעפּן אים אַריין אין שטורעם,
ער זעט די לוסט, וואָס בליט אין קברים,
און זיין געשריי פון תאווה און יסורים
פאַרטרינק איך מיט מיין זיגעריש-פאַרשייט הילך:
„איך — האָב דיר זיך אָפּגעגעבן,
מיין קוש איז טויט און סם מיין מילך —
איך בין דאָס לעבן".

## ט.

ווי דער שלאַנקער טאָפּאָל לויכטסטו, מיין געליבטע, אויפן הויכן ברעג,
ווי די נעסט וואַרט אַף זיין פויגל — וואַרטסטו אַף מיין שיפל,
דיין האַרץ באַגלייט מיך אויפן וועג,
וואָס איז סכנותדיק און מי־פול.

איך וויל אַרויסשניידן אַ שטיק
פון סאַמעט־פּאַלדיקן, בלוי- אויגיקן געוואַנט,
און דיר אַנטקעגן זינגען :
ניט פאַרגעסן האָב איך דיך אין וואונדערלאַנד,
מיין האַרציק גליק,
און מיט די טייכן פון דעם קאַנט
גיי איך אַרום דיר אין רינגען — — — —

וואָס פאַר אַ געשאַנק זאָל איך דיר ברענגען, וואָסערע
מתנות פאַר דיין זאָרג און דיינע תפילות? —
איך וועל דיר ברענגען פון דער אַזערע
אַ שיפל אַנגעשוימט מיט ווייסע ליליעס.

די בלעטער — ליכט, די בעכערס — דימענטענע שפליטערן,
ווען דו וועסט רופן זיי ביים נאָמען,
וועל איך פון חלום קערן זיך צו דיר און ציטערן,
ווי צו שטראַלן ציט זיך אַ געוויקס פון תהומען.

## י.

אַריינגעוועבט אין די געדיכטע פּלאַנצן,
אַ פאַרפרוירענער אין ווייסע ליליעס, הער איך, ווי דער אָפּגרונט זינגט.

זינג איך מיט... און שוימען־שפּריצן טאַנצן,
די זון שפּרינגט דורך די וואָלקנס, ווי אַ טיגער דורכן דזשונגל שפּרינגט.

איך זינג —
און פונקען ליכט ווי פּערל לעשן זיך אין שפּיגל;
איך זינג —
און בלעטער פליען אַרום מיר— אַ מחנה ווייסע פליגל,
די וועלדער אינעם שטורעמווינט
רייסן זיך געשלאָגן פון שגעון.
אין מיין שיפל וויינט אַ קינד,
און איבער מיר די ווינטן וואָיען.

באַלאַגערט איז דער האָריזאָנט מיט כמאַרעס,
בליצן שרפען,
אין אָפּגרונט ברומען אָרגלען, ס'ציטערן גיטאַרעס
און עס וויינען האַרפן.

איך זינג — און אויפגעברויזט פון מיין געזאנג —
שיסט אַרויס אַ טענצערן פון אַ געקרויזטער כוואַליע,
איר גאַרטל דרייט זיך ווי אַ פייערדיקע שלאַנג
אַרום איר טאַליע,
די אָרעמס און די פיס ווי זילבערנע פאַנטאַנען,
זי טאַנצט און דרייט אַרויף זיך אויף אַ בליץ — — — —
מיין שיפל רייסט זיך דורך בריליאַנטענע טומאַנען
און שניידט די כוואַליעס מיט זיין שאַרפער שפּיץ.

איך זינג — די וואָלקנס פלאַטערן אַרום מיין קאָפּ ווי ראָבן,
דער אָפּגרונט לעקט מיין שאַרבן;
איך זינג פון קאַראַוואַן אין מדבר־זאַמד באַגראָבן,
וואָס קען ניט אָטעמען און קען ניט שטאַרבן.
איך זינג דאָס אַלטע ליד פון איינגעוויגטן פּאַלמען־ישוב,
אונטער זיבן הימלען פון קרישטאָל,
די זיילן־שטאָט, וואָס וואַרט, עס זאָל איר אויפוועקן פון כישוף
דער פיש, וואָס זיצט אין שטערן־טורעם .
איך זינג,
און ווי דאָס ווילדע ענטל שרייט מיין ווידערקול
אין שטורעם...

.1939

# אינהאַלט

## יידישע שטעטלעך



## ג ו ר ל



## ח ב ר י ם

## די ווערבע



## די אָזערע

